י. ל. פּרץ

# דראַמען

צווייטער באַנד

אינהאַלט:



אַרויסגעגעבן פון דער „מאָרגן־פרייהייט"
מיט דער דערלויבעניש פון ב. קלעצקין פאַרלאַג, פּוילן

# אין פּאָליש אויף דער קייט

(א חלום פון א קלויזניק)

דראַמאַטישע פּאָעמע, מיט ווייסן פערז

אין דריי אַקטן

---

## פערזאָנען:

---

זינדיגער — א קלויזניק

ברכיה—אַ רייכער אויפגעקמענער באַלעבאָס, פון אַ יאָר 50—60. פראָ־פינאַטאָר, שבת־שענקער, הייוון־האַלטער, אַרענדאַטאָר פון א מיל און א פיש־טייך, א תבואה־סוחר און דערגלייכן.

זיין ווייב,

זון,

איידעמס און

שנירן.

זיין אינגסטע טאָכטער.

רב,

שמש,

מחותנים.

משוגענער.

אויסגעלאַסענע.

דריי גבאי׳טעס.

בחורים, יונגע לייט, באַלעבאַטים, קצבים, קלעזמער, א בדחן. אָרימע לייט. צווישן די לעצטע: א שמייסער, א טרעגער, א האָלץ־העקער, א לאָמער, א בלינדער, א וואַסער־פירער, א בעטלער און דערגלייכן.

און אַזי אידן און אידענעס.

## סצענע:

א פּאָליש מיט א ברייט־געעפנטן טויער צום שול־הויף אין הינ־טערגרונט.

אין פּאָליש (פון פאָדער צום הינטערגרונט גערעכנט):

רעכטס—אן אייזערנע טיר צו דער שול אַראָפּ.—א באַנק פאַר דער וואַנט.—טרעפּ אַרויף צו דער ווייבערשער שול.

לינקס—א טיר צו דער בית־דין־שטוב. — די קונא: אין דער וואַנט פון א נישט־טיפער נישע—א קייט, מיט א האַנט־רינג געענדיגט.—טרעפּ צום בית־המדרש אַרויף.

---

## צייט:

א הערבסט טאָג.

די אַקטן שפּילן זיך:

דער ערשטער—נאָך שחרית.

דער צווייטער—נאָך מעריב.

דער דריטער—חצות־צייט.

# ערשטער אַקט

(פאָרהאַנג)

אין שול־הויף — אַן איבערגעליגטע, נישט אויפגעשפּאַנטע בויד. דער שמייסער פאַרעסט זיך ביי די פערד. פרעמדע אידן, אין וועגס־קליי־דער, איינער אַן אַלטער — אין, אַנדערע — ביי דער בויד, זיינען אויפגע־רעגט, פאַרזאָרגט. היימישע, וואָס קומען אַן און גייען אָפּ רעכטס און לינקס פון שול־הויף, גיבן זיי שלום; באַדויערן, טרייסטן, פרעגן אויס, ווערן אויסגעפרעגט... דערביי ווערט אַלץ געקוקט צום פּאָליש. צווישן עולם, אין אָממערסט אויפגערעגט, דרייען זיך אַרום קלעזמער מיט די כלים אין די הענט.

אין פּאָליש, אויף דער באַנק פאַר דער וואַנט, זיצט דער בלינדער. לעבן אים, האַלב ליגנדיג — דער לאָמער. צו זיי קומען צו אָרימע לייט פון פּאָליש. אין עק באַנק, צו דער שול־טיר צו, אַן וועלכער ס'איז אָנגע־שפּאַרט א צוזאַמענגעשטעלטע חופה — זיצט א שמש מיט נישט אָנגעצונדענע הבדלות אין דער האַנט. דרימלט, כאַפּט זיך אַלע ווײַלע אויף, קוקט זיך אום דערשראָקן, דרימלט צוריק איין. אַלע וואַרטן עפּעס אָפּ פון בית־דין־שטוב. — פון דאָרט דאַרף אַרויס עפּעס אנטשיידענעס — א זייער וויכ־טיגע זאַך פאַר אַלע. פון בית־דין־שטוב הערט זיך אָפּט א גערודער פון פיל מענטשן; אַמאָל — איינציגע אויסגעשרייען: צער, צאַרן א. ד. ג. ד׳ טיר איז, קענטיג, פון אינעווייניג מיט מענטשן פאַרשטעלט. פאַר דער בית־דין־שטוב שטייען יונגע לייט, וואָס האָבן, שפּאַרנדיג אין טיר, קוים א שפּאַרע געעפנט, דורך וועלכער זיי קוקן אַריין, הערן־אונטער, וואָס אינעווייניג טוט זיך.

צווישן שול־הויף און פּאָליש — אבאַשטענדיגער מענטשן־טויש.

(אָרימע לייט קומען איינציג־ און פּאָרן־ווייז פון שול־הויף אין פּאָליש אַריין, גייען צו דער באַנק צו. רעדן באַדויערענד, פאַרדראָסן).

**ש מ י י ס ע ר :**

(ברומט)

ביי ר׳ ברכיה׳ן טעג געהאַט...
ערב שבת—מרחץ־געלט,
און א העמד,
און פון לייב אראָפּ—א מלבוש,—

(צאָרן)

האָט׳ם דער האָבער געשטאָכן!
לאָזט ער קיין חופּה נישט שטעלן,
זיין כלה, זאָגט ער!

**ט ר ע ג ע ר :**

פון ליידיג־גיין קומט עס, פון הוריות,
פון קוועטשן די באַנק אין קלויז—
וואָלט ער א קאַסטן געטראָגן...

**האַלץ־טרעגער :**

האַלץ א פורל צעהאַקט...

**ב ל י נ ד ע ר :**

(פאַרטראַכט)

א שיינע מוז זי זיין...
ניט עפּעס־וואָס און זאָגט :
„עסט״ צי „טרינקט געזונטערהייט״,
צעגייט זיך עס...

וואַסער־פירער:

כ׳פלעג זיי ביים טייכל טרעפן.
כ׳פיל דאָס פעסל, פּאָיע ס׳פערדל,
גיב מיט דער בייטש א קנאַק,—
נישט זיי זעען, נישט זיי הערן...

שמש:

(וועקט זיך, זיפצנדיג)

פאַרזינדיגט זיך...

לאָמער:

פּים געהאַט, צו שלעכטס געלאָפן...

בלינדער:

אויגן —
דעם יצר הרע׳ס מעקלער...

(דריי גבאַייטעס זיינען אַרויסגעקומען פון דער ווייבערשער שול. די ערשטע, מיט א צדקה־פּושקע אין האַנט, איז אַראָפּגעגאַנגען און געשטעלט זיך אויפן לעצטן טרעפּ. **די צווייטע**, מיט א גראָבן סידור אונטערן אָרעם, איז איר נאָכגעהינקען, און שטעלט זיך ביי דער אָנלען רעכטס, א טרעפּל צו פריער. די דריטע, וואָס האָט דערווייל פאַרמאַכט הינטער זיך די שול־טיר, שטעלט זיך א טרעפּל העכער, ביי דער אָנלען לינקס. אַלע דריי בויערן זיך מיט די אויגן אין טיר פון בית־דין־שטוב).

ערשטע:

און די תורה הקדושה האָט נישט באַשיצט!

צווייטע:

און אַז אין צעדער פאַלט אַריין די פלאַם...

דרימע:

דעם לויתן ציט די נעץ...

(בלייבן א ווײלע ווי פאַרשטאַרט; גייען דערנאָך, איינציגווייז און טיף־באַדויערנד, אויפן שול־הויף אַרויס, און מישן זיך אויס מיט אַנדערע ווייבער).

בעטלער:

(קומט מיט אַ טאָרבע פון שול־הויף, גייט צו צו דער באַנק):

הימלט די אָרימע סעודה!

(וואַרפט די טאָרבע אונטער דער באַנק. זעצט זיך צווישן שמש און בלינדן. — קלעזמער מיט׳ן בדחן, וואָס זיינען געקומען פון שול־הויף, גייען צום שמש צו).

א קלעזמער:

(קלאָגט זיך)

אָנגעבאָרגט זיך אין קרעמל...

בדחן:

וואָכן־לאַנג דעם קאָפּ געדאַרט
אויף נוטריקון—ראשי תיבות,
גראַמען נייע און המצאות — —

א צווייטער קלעזמער:

האָב איך אויסגעקלערט א וואָלאַך
פון דער נאָדל צום באַדעקנס,
פאַר ר׳ ברכיה׳ס מיזיניקל!...
און א מאַרש, א שפּאָגל־נייעם,
זאָל ער קנאַקן צו דער חופּה...
גייט א קלויזניק —

שטימען ביי דער טיר פון בית־דין־שטוב

(האַקן איבער)

— דער רב!
— דער רב רעדט!
— מ'הערט נישט א וואָרט...

שמש:

(צעפירט די חופה)

און א חופה, זעט, א נייע —
ווייסער אַטלעס, אויסגעהאַפטן,
און מיט פליטערלעך געשטיקט, —
פון די שנורן און די טעכטער...

(באַלעבאַטים, אַזוינע, וואָס לערנען נאָכן דאַווענען, קומען מיט
טלית־און תפילין־זעק פון בית־המדרש טרעפּ אַראָפּ)

ערשטער:

זיצט דער חתן אין אכסניא...

צווייטער:

(נאָך א בליק צום שול־הויף).

און די בויד—נישט אויסגעשפּאַנט...

דריטער:

אָבער וואָס א קלויזניק קען...

(שטעלן זיך אָפּ אין מיט פּאָליש)

ערשטער:

(צו דער טיר פון בית־דין שטוב צו)

וואָס הערט זיך דאָרט?

א שטימע:

(ענטפערט)

ס׳רעדט נאָך דער רב!

ערשטער:

זיין בעסטער תּלמיד!

צווייטער:

סמיכה געגעבן...

דריטער:

פאַר אן איידעם געוואָלט...

צווייטער:

נאָך אזא דרשה!
קאָפּ אויף קאָפּ געווען די שול...

דריטער:

פייער געשיט! —

ערשטער:

ווי א גלאָק געקלונגען...

שמש:

כ׳גיי דערנאָך אויף קבר אבות,
קום פאַרביי זיין פאָטער׳ס קבר,
קלאַפּ איך נאָך אין ברעטל אָן:
קלמן, זאָג איך, נישט דערלעבט!
נישט באַשערט געווען דער נחת...

בדחן:

דרייט זיך צינד אין קבר איבער —

(גייען אַרויס צו דער בויד)

שמש:

מעשה שטן, מעשה שטן...

שטימען ביי דער טיר:

— מחותן רעד!
— מיט דער ריש...
— קלאפט אין שלחן מיט דער פויסט —
„חצי נדן קנס”, „הוצאות”.

בחורים:

(מיט תפילין־זעקלעך פון בית־המדרש אראפ, סודין זיך)

— ר'האט דעם שווארצן זיך פארקויפט...
— שווארץ אויף ווייס א כתב געמאכט,
— און גע'חתמ'עט
— מיט'ן בלוט פון אינגסטן פינגער
— רוישן פלעגט עס האלבער נאכט...
ג'זאגט אזוינע ווינטן בלאזן;
גאנצע שארן פייגל שוועבן! —
ס'האבן רוחות זי געטראגן
נאכט אויף נאכט צונ'אים אין קלויז,
פון בעט ארויס, א נאקעטע!

שטימען ביי דער טיר פון בית־דין־שטוב

— ברכיה רעדט...
— ס'צאפלט אים די ווייסע באָרד,
— ס'ציטערט די אויסגעשטרעקטע האנט,
— עפעס זאגט ער, עפעס שווערט ער...

(עס קומט אן דורכין שול־הויף דער משוגענער, אפגעריסן,
מיט א טעפל אין האנט)

בעטלער:

(שפּרינגט אויף)

האָסט באַקומען ? —

משוגענער:

(קערט איבער דאָס לערע טעפּל, גייט ווייטער. צו א בחור, וואָס ער באַגעגנט אויפין וועג)

די גאַס איז שוואַרץ...
די ברכיה׳כע—חלש׳ט...

(צו די בחורים, וואָס רינגלען אים אַרום)

די כלה ברעכט זיך די ווייסע הענט,
רייסט זיך אויס די האָר, די שוואַרצע,
ווײנט די בלויע אויגן אויס,
וואַשט דער מוטער׳ס פּיס מיט טרערן,
וויל אַהער,—רייסט זיך אַהער —
מ׳ווייסט נישט, נאָך וואָס —

שטימען ביי דער טיר פון בית־דין־שטוב

— ער אַליין !
— ר׳האָט זיך אויפגעשטעלט און רעדט...
— אויפגעוואַקסן !
— ווי א יונגער בוים אין וואַלד !
— שטרעקט די האַנט אויס ווי א שררה ;
— הערט די שטימע פון א מלכות...

(פויזע. די יונגע לייט שפּאַרן זיך שטאַרקער אין טיר. זי גיט מער נאָך. עס ווערט א ברייטע שפּאַרע)

(פויזע. פון בית־דין־שטוב הויבן אָן אײנציגווייז אַרויסצוקו־מען יונגע לייט, פאַרוואונדערט, פאַרבליפט, דערשראָקן)

ארויסגעקומענע :

— זיין געזאַנג...
— דער תּוך פון זיין נשמה איז זי...
— זיין שכינה.

א שטימע אין פּאָליש :

וואָס לאָזט מען אים רעדן ?!

ארויסגעקומענע :

(מער דערשראָקן)

— זיין רוח הקודש, זאָגט ער.
— הייליג, זאָגט ער, איז די ליבע...
— ליבע, זאָגט ער, איז דער סנה...
— ליבע האָט די וועלט באַשאַפן !

א שטימע אין פּאָליש :

פאַרשטאָפּט'ם ס'מויל !

ארויסגעקומענער :

„גאָט איז די ליבע" —

צווייטער :

(לויפט צו דער שול־טיר)

וואו דער שופר ?

דריטער :

מחרים זיין, מנדה זיין...

(רייסן די טיר פון שול, זי גיט נישט נאָך)

א שטימע פון בית־דין־שטוב :

רייסט די צונג אים פון מויל ארויס !

שטימען פאַר דער טיר :

— לויפן מיט די פויסטן צו.
— שטעלט זיי אָפּ מיט'ן בליק !

— ווי א מלך זיינע קנעכט !
— רעדט און שמייסט, ווי מיט ריטער,
— ז׳בויגן זיך אונטער די רייד,
ווי זאנגען, פון האַגל געשמיסן...
— ער גייט ארויס...

(אומווילקירלעכע וואָרע; עס קומט אַרויס דער זינדיגער,
הינטער אים די אַנדערע)

זינדיגער:

(אַרויסקומענדיג)

אין מיר האָט אויפגעפלאַמט א רויז,
ווילט איר, דערנער, שטראָפן מיך ?
מייז, פון פינצטערע לעכער ארויס,
ווילט איר משפט׳ן די נאכטיגאַל
פאר איר מאָרגן־ליד,
פאַר איר פרילינג־ליד,
פאַר׳ן העכסטן ליבעס־ליד ? !
שווארצע, פינצטערע וואָלקן־שטיקער,
ציטערט איר פאר מאָרגן־שטראַל ?

(באַמערקט די קלעזמער)

ע, קלעזמער, שפילט א זמר !
פידל, שפיל ! גיס די זיסע
קעניגלעכע בענקשאפט אויס,
ווי א שמעקעדיגן בוימל...
און דו, פלייט, —
דעם קעניג׳ס ציטערדיגע פרייד,
זיין בליענדיגע ליבע זינג !
קינדיג, באַס, דער וועלט זיין ווילן !
זאָג א בשורה אָן, טראָמפייט—
צו זיין מלכה דער קעניג גייט !

(קלעזמער געהאָרכן אומווילקירלעך און שפילן)

א מאַרש!
טאַצן, טעלער, קעסל־פּויק!
זאָלן ציטערן די הייזער,
און פאַר פרייד די הימל־הויך,
זאָלן זיי שיטן מיט די שטערן
אויפ׳ן חתנ׳ס קאָפּ, ווי האָפּען!
צו זיין מלכה גייט דער קעניג.

ברכיה׳ס טאָכטער:

(האָט זיך אַריינגעריסן צווישן עולם אין פּאָליש)

נישט מיין מלך, נישט דיין מלכה!
כ׳האָב רחמנות געהאַט מיט דיר!
א יתום אָנגעקלאַפּט אין טיר,
א שוועסטער־האַרץ געעפנט דיר!

(כאַפּט זיך אָן ביים האַרצן)

און די שלאַנג אין בוזים בייסט!

(צום רב צופאַלנדיג)

רבי, איך בין ריין פון זינד!

(צום מחותן)

ריין ווי גאָלד איז ברכיה׳ס טאָכטער!
מאַכט, מחותן, נישט קיין בייז,
און באַדעקט נישט, האָט רחמנות,
נ׳טאַטנ׳ס וויסן קאָפּ מיט שאַנד,
טויט מיר נישט די קראַנקע מאַמע...

(צו אַלע געווענדט)

כ׳בין נישט שולדיג.

זינדיגער:

שולדיג בין איך!

רב:

הערט! איר הערט?
ער לייקנט זיינע ווערטער אָפּ.
(אויסרופנדיק)
ברכיה'ס טאָכטער איז ריין,
ווי א שפּיגל אָן א הויך,
ווי א בת ישראל — —

ברכיה:

(אויפהויבנדיק די טאָכטער)
עולם, זעט!
איז א פאַלשקייט אין די אויגן?
קענען אַזוינע אויגן ליגן?

רב:

(צום מחותן)
היים שפּאַנען אוים די בויך!
מנחה דאַוונען—דעם חתן...
האָט א חשד א זינדיגן,
אויף א בת ישראל ג'האַט,
זאָל ער תשובה טאָן!
(צו ברכיה)
פיר די כלה צום באַזעצן!
זאָל איר זיין כפרת עון
אָט די חרפה, אָט די בושה,
זאָל עס גאָט געדענקען איר
אין א סכנה־שעה...

ברכיה:

(אַרויספירנדיק די טאָכטער)
אָרימע לייט—צו דער סעודה!
אויף דער שמחה—ווער א גוטער פריינט!

גייט צום חתן—יונגע לייט...

(סימערסט אָפּ)

רב:

(רופט זיי נאָך)

כ'וועל מסדר קדושין זיין!

(צום זינדיגן)

און דו...
האָסט א איד די שמחה געשטערט,
לשון הרע געזאָגט...
צו ווייט נעגאנגען, צו ווייט,
נעם דיך צוריק.
זינדיגער:
רבי, ווען צוריק,
קומט מען קיינמאָל צום קבר נישט.

רב:

גיב די האַנט צו דער רינג...

(אימיצער הויבט אויף די קייט, פירט זי צו)

זינדיגער:

ניין, ניין, דאָס נישט!
נאָר דאָס נישט,
לאָזט מיך גיין...

רב:

ביז צו מאָרגנס!
צו דיין גוטן גיב די האַנט...

זינדיגער:

מיך וואַרט קיין גוטס נישט מער...

רב:

גאָט'ס רחמנות איז גרויס,
און דער זכות פון דער הייליגער תורה
וועט ביישטיין דיר!
א טאָג פון שאַנד און שפּאָט
וועט ברעכן דיין שטאָלץ!
אַראָפּלאָזן וועט זיך די נאַכט,
די שטילע נאַכט...
וועסטו איינזאַם און פאַרגעסן,
אין דער שטילקייט איינגעהילט,
זיך מיט דיר אַליין באַרעכענען...
א חשבון מאַכן...

זינדיגער:

שוין געמאַכט,
און קיין רעשט איז נישט געבליבן!

רב:

געבליבן:
דער הייליגער פונק
פון דער תורה, דער הייליגער,
אונטער'ן זינדיגן אש!
גאָט'ס רחמנות איז גרויס,
אין דער שטילער נאַכט וועט ער שיקן דיר,
זיינע צוויי מלאָכים ווייסע —
פון תשובה, חרטה און איבערגעבעניש
צו אים...

(צום שול־הויף דערנענטערט זיך חופּה־מוזיק)

אומגעדולדיגע שטימען אין פּאָליש:
— גיב, הונט, די האַנט צום רינג...
די כלה גייט שוין צו דער חופּה...

— מיר צעשפּאַלטן די נעסט
פון די זינדיגע געדאַנקען...

זינדיגער:

(ראַנגלט זיך)

לאָזט מיך, לאָזט מיך גיין פון אייך...
אונטערגעגאַנגען איז מיין טאָג...
מיך רופט די נאַכט...
הערט די פידל, זי באַוויינט מיך —
מיך באַקלאָגט עס די פלייט...

(ראַנגלט זיך פעסטער)

ניין — ניין —

משוגענער:

(אָפּשטופּנדיג דעם עולם)

לאָזט צו!

(נעמט די קייט)

ברודער, מ י ר גיב די האַנט!

(זינדיגער איבעראַשט—טוט עס)

(פאָרהאַנג)

# צווייטער אַקט

נאָך מעריב. אויפן שול־הויף ברענט טונקל אַן איינציגער לאַמטערן. ביים רויט־שטראַלנדיגן שיין באַמערקן זיך שאָטן פון מענער און ווייבער.

דריי גבאי׳טעם:

(קומען אַראָפּ פון דער ווייבערשער שול, זוכן מיט די אויגן דעם זינדיגן, באַמערקן אים; בלייבן דאָך שטיין, דערזעענ־דיג דעם ערשטן און צווייטן באַלעבאָס, וואָס קומען אַראָפּ פון די בית־המדרש טרעפּ)

משוגענער:

(נעמט אַרויס פון נישע זיין געלעגער און בעט זיך אויס אויף דער באַנק פאַר דער וואַנט)

זינדיגער:

(נאָענט צום פאָדערגרונט, אויף דער גאַנצער לענג פון דער אויסגעצויגענער קייט, ציטערט)

ערשטער באַלעבאָס:

(ווילנדיג צוגיין צום זינדיגן)

פושע ישראל!

צווייטער באַלעבאָס:

(ציט אים אַוועק)

מ׳הערט נישט שפּילן;
מ׳מוז שוין זיצן ביי דער סעודה.

(ביידע אָפּ).

דריי גבאי׳טעם:

(גייען נאָך, איינע נאָך דער אַנדערער, אויסשפּייענדיג ביים פאַרבייגיין צום זינדיגערס זייט)

משוגענער:

(זיך אויסדרייענדיג צום זינדיגן)

ציטערסט?

זינדיגער:

ס׳ריזלט א קעלט דורך די גלידער.
די האָר שטעלן זיך, ווי שלאַנגען קאַפּויער.
און די וואָרצלען שטעכן, שטעכן —

(ווישט זיך פּנים און שטערן)

די נשמה טריפט מיר אויס,
טראָפּנווייז, טראָפּנווייז —

(אין שול־הויף מערן זיך די שאָטן. קומען זיך צוזאַמען, סודין זיך, צעגייען זיך, גענענען זיך צום פּאָליש, שטעלן זיך אָפּ, גייען צוריק. קענטיג אַז זיי וואַרטן נאָך אויף עפּעס אָדער אימיצן, אים עטוואָס אויסצופירן)

זינדיגער:

(מיט די לעצטע קרעפטן אויסציענדיג די קייט, ווי אם ווייס־סטען פון די שאָטן. צום משוגענעם)

ד י ך שרעקן זיי נישט?

משוגענער:

(וואָס האָט געוואָלט זיך לייגן, זעצט זיך; נאָך אַ קלענער פּויזע, גלייכגילטיג)

לויפן מיר נאָך: כ׳בין אַנדערש...
קומט ווער אונטער, רייסט א לאַפּן

מיר פון מלבוש, צי פון העמד,
זייער שאָדן; גיבן אנדערם —
אָ, זיי שרעקן זיך פאר „נאקעט"...

**זינדיגער:**

און אז זיי שלאָגן?
רירן זיך צו צום לייב מיט ברודיגע הענט,
אַלטע ווייבער מיט שמוציגע נעגל!—
אָדער די בליקן, ווי די עגבער,
בויערן דיר אין טיפן הארץ...

**משוגענער:**

כ'שטעל מיך אָפּ; אנטלויפן ז י י ...
ג אָ ר נ י ש ט ש ר ע ק ט...

**זינדיגער:**

גאָרנישט...?

**משוגענער:**

נישט מיין לייב, נישט מיין נשמה...
א י ך בין שוין לאנג נישט א י ך...

**זינדיגער:**

דו—נישט דו?

**משוגענער:**

כ'האָב מיך אמאָל צום הימל פארבענקט...
כ'גיי פארביי דעם טייך אמאָל...
וואו דו פלעגסט שפאצירן גיין...
ווינט ער, ווינט א הימל אין שוים,
מים לאכנדיגע שטערנדלעך...

בוך! ברכיה'ס פישער—נאָך!
כאַ־כאַ־כאַ—זיי זוכן אין שליים.
איך וויג מיך אין הימל, וויג מיך און לאַך,
זע ווי זיי שלעפּן א פּגר א פרעמדן
כאַ־כאַ־כאַ!

(די שאָטן און דער שלאָסער, אויף וועלכן זיי האָבן געוואַרט,
קומען אין פּאָליש אַריין)

באַלעבאַטים:

שלייף, מייסטער, שלייף,
ברעכט די קייט!

(אַז דער שלאָסער טוט עס, צום משוגענעם)

א האַנט זאָל וואַשן א האַנט!
און דו ועסט באַפרייען אונז
פון ר' ברכיה'ן, פון דעם רייבער
און פון רב, זיין אונטערשטיצער
פאַר רח"ש און יום־טוב געלט.
ר' האָט אונז צוגענומען אַלץ —

ערשטער:

אויסגעדונגען מיר די מיל...

צווייטער:

אויסגעריסן מיר די פאַכט...

דריטער:

מיר דעם טייך אַוועקגענומען...

פערטער:

מיר—די שבת־שענק...

מיט די זין, מיט די איידעמס
שלינגט ער איין די וועלט.

(איינער ביים אַנדערן אויסכאַפּנדיג)

— און דעם כבוד פון דער תורה!
— די הוצאות און הכנסות!
— חתן תורה און בראשית!
— און ד'עליות, און די שטעט
פון די ביידע מזרח־ווענט —

ווייבער־שטימען:

— און אין ווייבער־שול — די פענצטער...
— וואו א פאָרהאַנג, וואו א קראַטע,
— וואו מען הערט א וואָרט פון שול!
— פאַר'ן ווייב און פאַר די טעכטער,
פאַר אָראָפּגעברענגטע שנורן!
— סאַמעט, אַטלאַס, זיידנציינג,
גאָלד און זילבערינע פּליסן;
בריסטן־טיכער, שטערנטיכער,
און באַהאַנגענע מיט שטיינער, — —
און פאַרשעמען אונזער דלות,
און פאַרשווארצן אונזער יחוס
ד'אויפגעקומענע, די שטאָלצע...

באַלעבאַטים:

— ער צעוואַקסט זיך אינ'ם שטעטל
און צעשפּרייט זיך, און צעגיסט זיך.
ווי א ראָשציינע אין מילטער —
— און מיר ווערן איינגעשרומפּען,
איינגעצויגן, אָפּגעשטויסן,
און דער אַלטער רב, דער שיצט אים...
„דער דין אַזוי! דער דין אַזוי!"

—וועל'מיר מאכן דיך פאר רב:
אויף דער גרויסער שטול דיך זעצן,
און דעם שענסטן מאנטל געבן,
און דאָס רייכסטע שטריימל שענקען,
מיט די לענגסטע זילבער־האָר...
און א נייע קלויז דיר בויען,
נייע ספרי תורות שרייבן
אויף דער פיינסטער הירשן־פעל...

ווייבער:

און מיר אלע, און די טעכטער,
און די שנורן—וועל'מיר נייען
רויטע מענטעלעך פון סאמעט,
און באשפינען גאָלד און זילבער,

באלעבאטים:

און באהענגען זילבער טרעסן;
און מיט קרוינען, פיין פארגאָלדטע...
און די גלעקלעך וועלן קלינגען,
און דו וועסט כבודים טיילן...
דו פארגעם נאָר ברכיה'ס טאָכטער...

ווייבער:

וועל'מיר געבן דיר די שענסטע
און די רייכסטע פאר א כלה,
ווילסטו—באלד א חופה שטעלן —
פון דער חתונה די קלעזמער
ביי די האָר וועל'מיר שלעפן,
און דאָס רבי'ל—ביי דער באָרד — —
(בלייבן פלוצלונג שטיל, רוקן זיך אָפּ, אויסער דעם שלאָסער,

וואָס שלייפט אלץ ווייטער, צו די ווענט, אויס טרעט פאר
ניי־אָנגעקומענע).

באַלמעלאָכעם:

פּייל, פּייל,
אויף אונזער חשבון פּייל,
זאָל א האַנט ד׳צווייטע וואַשן,
דו וועסט אונז די יאָך צעברעכן,
מבטל וועסטו זיין די פּאַכט;
פליישׁ נישט ביינער ווילן מיר עסן, —
מתיר מאַכן שחיטת חוץ —
הייוון—פריי און שבת־שענק!
הפקר איז דער טייך מיט פיש!
און מיר רייסן אויף די שפּייכלער
מיט׳ן קאָרן, מיט די ווייצן!
דו וועסט לאָזן, דו וועסט הייסן,
וועל׳מיר עסן ברויט צו זעט...

(טרעטן אָפּ פּאַר ניי־אָנגעקומענע)

קלויזניקעם:

פּייל, מייסטער פּייל,
אויף אונזער חשבון פּייל!
א האַנט וואַשט א האַנט:
וועל׳מיר אים פון קייט באַפרייען,
וועט ער אונז דאָך איבערגעבן
די צירופים, די השבעות,
און באַפרייען אונז די הערצער
פון דער נאָגענדיגער בענקשאַפט,
פון דער דריקנדיגער נויט — —
פון דער שרעק, וואָס האָט קיין נאָמען,
זויגט דאָס בלוט ארוים פון לייב,
ציט די קליי ארוים פון ביינער
און פאַרברענט אונז די געהירן
גאַנצע נעכט אין קאַלטן קלויז,

מ׳זאפט נאָר שווארצע שאָטן איין,
מ׳הערט נאָר ס׳קלאָגן פון די ווינטן!
און אין דרויסן, אינ׳ם פרייען,
אין די שטומע, טויבע הייזער,
אין די טיר־און־טויער פארמאכטע,
אין די בעטן—שלאָפן ווייבער,
שלאָפן מוידן, אין די נעצן
פון געקרייזלטע לאַנגע האָר,
אָדער פייער־פלאַמענדיגע...
אין די היציגע חלומות...
שטעקן נאַק׳טע פים אַרוים,
נאַק׳טע הענט, נאַק׳טע העלזער....
שווערער אָטעם, רונדע בריסטן...
אָ, באַפריי אונז פון דער בענקשאַפט,
פונ׳ם פייער, פונ׳ם שווארצן!
זאָלן רוחות, שדים ברייענגען
אין די העמדער פון די בעטן!
מיר פארקויפן די נשמות — —

קצבים:

(לויפן אָן, שטופן יענע אָפּ)

שלייף, מייסטער, אונזער חשבון! —
וועל׳מיר גיין מיט די טאָרבעס;
טרפה מאַכן זיי די אָקסן —

זינדיגער:

(רחמים בעטנדיג)

גייט... גייט,
ווערימלעך־אויגן גליען אונטער אָקסן־שטערן;

(מיט עקל)

מיך שטיקט דער דונסט פון אייערע לייבער,
אייער אָטעם שטיקט...

(טאָן־ענדערונג)

לאָזט מיך אויף דער קייט —
טוט, וואָס איר ווילט אַליין!

באַלעבאַטים:

וואָס מיר ווילן? גוט געהייסן!
אויף דער חתונה צוריק!
צו דער סעודה, צו דער גרויסער!
וועל'מיר פרעסן, וועל'מיר זויפן!
און פאַר'שכור'ט, אַלץ צעברעכן,
אַלץ וואָס גלאָז און וואָס קריסטאַל,
און וואָס זילבער איז און גאָלד...

(אָפּ)

באַלמעלאָכעם:

קומט נאָר פרעסן, קומט נאָר זויפן!
און פאַר'שכור'ט וועל'מיר שיקן
נ'רויטן האָן, נ'רויטן האָן!
זאָל ער זיינע רויטע פליגל
שטרעקן אויס און צעשפּרייטן
איבער ברכיה'ס פולע שפּייכלער,
איבער קלייטן, איבער שענקען...
זאָל אים לייכטן! רויט זאָל ברענען
ווי אמאָל צום נייעם חודש —

(אָפּ).

קלויזניקעם:

וועל'מיר טרינקען, וועל'מיר זויפן

און צו כלה־טאַנץ דערנאָכטן!
כלה־טאַנץ! כלה־טאַנץ!
— כלה, כלה, גיב די האַנט,
אַן א טיכל, כ'ריים עס אויס!
— גיב די האַנט, די ווייסע האַנט.
ווילסט נישט? נעם איך מיט געוואַלט —
— טאַנצן קום — טאַנצן קום!
— כ'וועל זי האַלזן, כ'וועל זי דריקן
צו דעם האַרץ צום ברענענדיגן!
— כ'וועל זי כאַפּן אויף די אַקסל
ביי די מאַרמאָר־ווייסע הענטלעך,
און א שפּרונג טאָן דורכ'ן פענצטער,
נ'גאַס אַרויס, אין נאַכט אַריין!

(אָפּ).

קצבים:

וועל'מיר טרינקען, וועל'מיר זויפן,
און פאַר'שכור'ט, וועל'מיר שאַרפן,
שאַרפן, שאַרפן ברייטע מעסער,
פאַר די בייכער פון שוחטים!
(אָפּ).

זינדיגער:

(צום שלאָסער)

שלייף, שלייף, ענדיג דיין זאַך.

שלאָסער:

אויף וועמעס חשבון?

(אָפּ).

זינדיגער:

(כאַפּט די איינגעשלייפטע רינג פון דער קייט, וויל זי איבער־
רייסן. פּרוּווט מיט הענט און ציין)

ווען עטוואָס קראַפּט!
קיין הענט, קיין ציין —
עס האָט געבליט א רויז אין האַרץ!
כ׳בין א נאַכטיגאַל געווען,
א ניי פרילינגס־ליד געזונגען —
און א קעניג אין מאַנטל אין קרוין —

(אַז די קייט גיט נישט נאָך)

הילף, הילף —

(צו דער באַנק צו)

שלאָפסט? —
כ׳האָב מורא העכער צו רופן, —
ס׳וועלן זיך שאָטן פאַרזאַמלען —

(פויזע. אויפן געזימס פון דער שול־טיר באַווייזט זיך
א שוואַרצע קאַץ)

ווער ביזטו?
קומסט פון דאָרט?
נאָך מיין נשמה קומסטו?
געקומען די צייט?
כ׳האָב זי פאַרקויפט?
האָב איך דאָך א הויכע,
א קעניגלעך־שטאָלצע פאַרקויפט!
און האָב א דערנידערטע,
צעטראָטענע, באַשפּיגענע, —

(מיט שטייגנדער שרעק)

כ׳קען פון דיר קיין אויג נישט ווענדן,

כשופ'סט ווי א שלאַנג די נשמה אין מיר,
ווי א פייגעלע צאַפּלט זי
און פאַרשטאַרט אין מיר —
לאַז מיך,
כ'קען דאָך, א געבונדענער,
פאַר דיר נישט אנטלויפן —
ווער דו ביזט, רחמנות האָב,
ברענסט מיר די געהירן אויס
מיט דיין בליק. די נשמה
זויגסטו מיר מיט די אויגן אויס —
כ'שרעק מיך פאַר דיר,
כ'פאַל פאַר דיר אין שטויב אויפ'ן פּנים,
כ'שטרעק מיך אויס — —

(טוט עס)

רב:

(גייענדיג צו חצות, מיט גרויס רחמנות)

אזוי, אַזוי,—אין שטויב פאַר גאָט!
פאַר זיין ליבן נאָמען אין שטויב;
ער וועט שטרעקן אויס זיין אָרעם
און הויבן דיך —
און איך וועל געדענקען דיך
און ביי חצות דערמאָנען דיך...

(צו די בית־המדרש טרעפּ)

(פאָרהאַנג)

# דריטער אַקט

חצות־צייט. אין דער לופט ציטערט דאָס געבעט: דייטלען, נאָר פון זייער א קליינעם עולם, אין שול; אַלס גערויש פון א גרעסערן עולם — פון בית־המדרש. פון צייט צו צייט פאַלן אַריין אין געבעט איינצלנע הילכיגע און שאַרפע טענער פון אן איבערמיטיגער חתונה־מוזיק.

(משוגענער ליגט אויפן געלעגער; זינדיגער רייסט די קייט אויפן געשליפענעם אָרט מיט הענט און ציין, בלייבט מיד)

זינדיגער:

אזוי אַן קראַפט,
און צו דער העכסטער קראַפט
אזוי ענלעך!

(משוגענער זעצט זיך נייגעריג אויף)

אידייען —
פינצטערע וועלטן צו שטורעמען;
חלומות —
נייע, זון־שטראַלנדיגע,
מיט געזאַנג באַגאָסענע,
בליענדיגע וועלטן צו באַשאַפן!
און פון איין מאָל געשעענעם —
אויף דער קייט!
שלאָגן צום האַרץ
וואַלן צעפלאָסן געבעט —
נשמות און הערצער צעגאָסענע.

העלפן קען איך נישט —
און זיינען אנטפלעקט מיר די סודות פון דער נאכט
די גרייל, וואָס רייסן זיך פון איר שויס,
פיל דאָס ווארעמקייט פון בלוט, איידער ס׳ווערט פארגאָסן,
שלאָגן זיך מיר אין די אויגן אָפּ די פלאַמען,
איידער מ׳האָט זיי ארויסגעשיקט —
איך שווייג!

(דער שפעטיגסטער איד גייט אין שול אַריין צו חצות.
קומענדיג פאַרביי דעם זינדיגן, שפייט ער אויס).

זינדיגער:

שפייסט אויף גאָט!
(דער איד, דערשראָקן, אָפּ).

משוגענער:

(זיך אויפזעצנדיג)

נישט היימלעך מיט גאָט:
בליצן פון קאַלטע מעסער אין די אויגן,
די גלידער—שטאַר, אין נעפּל איינגעהילט.
און נעדיכטער ווערט דער וואָלקן, —
(אַרויסגייענדיג פון פאַליש)

כ׳גיי מיר ציילן מיינע שטערן.
כ׳טרעט דיר מיין געלעגער אָפּ.

(אָפּ).

ברכיה׳ס טאָכטער:

(קומט אָנצולויפן האַלב נאַקעט)

כ׳קום צו דיר...
פון אונטער זיין היציגן אָטעם,
פון אונטער די שווייסיגע הענט —

כמעט אין העמד פון בעט ארויס...

(אַז דער זינדיגער ענטפערט נישט, דערשוואַכן)

שווייגסט?
פינצטער־צאָרנדיג איז דיין בליק?

(טאָן־ענדערונג)

פארצייַ!
א רגע האָב איך געלייקנט אָן דיר
צוליב דעם טאַטנ׳ס ווייסן קאָפּ,
צוליב דער מאַמע׳ס קראַנקער האַרץ,
און מיט שאַנד און שפּאָט געשראָקן!

זינדיגער:

(אַלץ נאָך שטאָר)

גיי!

ברכיה׳ס טאָכטער:

כ׳וועל דיך באפרייען, —
און באפרייטע — —

(אַז דער זינדיגער שטויסט זי אָפּ)

שטויסט מיך אָפּ?

(פויזע. זייער צערטלעך בעטנדיג)

כ׳בין דאָך דיין געזאַנג געוועזן?
כ׳בין דאָך דיין איינציגע בלום געוועזן?
דיין הייליגקייט —

זינדיגער:

פארשוועכט.
געוויקלט האָט זיך ארום דיין נאַקעטן האַלז

א פרעמדע האַנט!
אין דיין אויג, אין דיין הימל־בלויען,
האָט א פרעמדער זיך געטיקט!
הייליג זיינען דיינע ליפּן מיר געווען,
צום בית־המקדש צוויי פאַרמאַכטע טויערן,
און דו האָסט זיי פאַר א פרעמדן
הייסן אָטעם אויפגעשלאָסן...
און איינגעזאַפּט האָסטו דורך זיי
פון א פרעמדן מענטש דעם שאָטן!
און ער וואַקסט אין דיר!
און ער וואַקסט!...

(פאַרשטעלט זיך סיפּנים)

ביזט פאַרשוועכט...

ברכיה'ס טאָכטער:

(לאָזט זיך פאַר אים אויף די קני)

פאַרציי —

זינדיגער:

שווייג!
ווי ברענענדיגע דערנער שטעכט מיך יעדער קלאַנג!
דיין אַמאָליג הייליג בילד,
פון ליכטיגע שטערן צוזאַמענגעשטעלט,
שטראַלט אין מיר —
און פון דיין פאַרשוועכטן בליק
לעשט זיך א שטערן נאָך א שטערן...
גיי!

ברכיה'ס טאָכטער:

וואוהין?
כ'בין פון מאַנ'ס בעט אַרויס,

פון טאַטע־מאַמעס הויז אַוועק...

זינדיגער:

צום טייך, צום טייך...
פּרוּאוו דיך וואַשן ריין,
פּרוּאוו דיך וואַשן ריין...

ברכיה׳ס טאָכטער:

זיי געזונט!

(אָפּ).

ברכיה, ברכיה׳ס ווייב, טאָכטער, שנירן און איידעמס.
מענטשן:

— זי איז ערגעץ דאָ...
כ׳האָב זי לויפן געזען —

(באַלייכטן דעם פּאָליש)

— זוכט זי אין דער שול —
— אין דער ווייבער־שול,
— צום בית־המדרש אַרויף!
— אויף דעם בוידעם זוכט!

(מענטשן צעלויפן זיך, וואו מען שיקט זיי. מענטשן מיט לאַמטערן לויפן הין און צוריק איבערן שול־הויף. אין שול־טיר און אויף די בית־המדרש טרעפּ באַווייזן זיך חצות־אידן, ווייבער—אויף די טרעפּלעך פון דער ווייבער־שול)

ברכיה׳ס ווייב:

גיב מיר מיין פאַרפירטע טאָכטער אָפּ!

ברכיה:

מיין איינציגן אַפּל פון אויג,
מיין לעצט געפיל אין האַרץ,

נ׳לעצטן געדאנק אין קאָפּ...

א שוועסטער:

גיב מיר מיין פארפירטע שוועסטער אָפּ...

ברכיה:

אַלץ גיב איך דיר אוועק,
גיב מיר מיין טאָכטער אָפּ:
אַלע קליימן, אַלע הייזער,
מיט די תבואות אויף די בוידעם,
מיט די רענדלעך אין די קעלער...

ברכיה׳ס ווייב, טאָכטער און שנירן:

— נאַ דיר, נאַ דיר אַלץ אוועק!
— גיב אונז אונזער שוועסטער אָפּ!
— האָסטו צירונג — אָט א שטערן
— האָסטו אַלע ציטער־נאָדל,
— האָסטו די אוירינגלעך און קרעלן — — —
— האַלז־בענדער, פּערל... און אַפּאַלן...

(אויף די בית־המדרש טרעפּ מאַכט זיך א וואַרט, מען לאָזט
(דורך דעם רב)

ברכיה:

(צופאַלנדיג צו אים)

רבי
מיט׳ן כח פון אייער תורה
באפרייט זי!
ר׳האָט זי ערגעץ דאָ באהאַלטן;
מיט א כשוף זי פארוואַנדלט
אין עפּעס וואָס,
כ׳וויים נישט, אין וואָס...

**שטימען:**

(פון ווייט איבערן שול־הויף)

— אימיצער לויפט צום טייך,
— א ווייסע געשטאלט,
— אין איין העמד,
— א פרויען געשטאלט...

(פויזע).

— געשווינד שיפלעך, שטריק,
— אריינגעשפרונגען די געשטאלט,
— שווימט ארויס, שווימט ארויס,
— טיקט זיך צוריק,
— שווימט דער קאפ ארויס,
— שווימען נאך די לאנגע האר...

(די שטימע דערווייטערט זיך, אלע פון פאליש אפ, אויסער
דעם זינדיגן)

— רידער! רידער!
— שטויסט מיט אלע קרעפטן צו!...
— טוט אייך אויס... טוט אייך אויס —

**משוגענער:**

(קומט פון שול־הויף צוריק)

וועט זיך וויגן אינ׳ם הימל.
מיט ד׳שטערנדלעך זיך שפילן.
האסט דאך זי אויף דעם געשיקט...

(זעצט זיך אויף דער באנק)

**אויסגעלאסענע:**

(קומט אנצולויפן)

ס׳האבן וויינטן מיך געוועקט

און פון בעט אַרויסגעריסן
אויף די פליגל מיך געטראָגן,
זינדיגער, צו דיר...
האָבן אויפגעפאַכט אין מיר,
אַ פלאַם צו דיר אין טיפן האַרץ,
לעש מיר, זינדיגער, די פלאַם
ביי דער זינדיגער די פלאַם...

זינדיגער:

דו ביזט ריין!
דיינע זינדיגע געדאַנקען
פליען אַרויס פון דיר,
ווערן נשמות פאַר זינדיגע זאַכן,
זיי אַנטלויפן פון דיר,
ווי שאָטן און נעפּל פאַר אַ ליכט,
פאַר'ן ערשטן מאָרגן־שטראַל,
די בלייבסט ריין, שטענדיג ריין!

אויסגעלאַסענע:

ניין!
נייע וועבן זיך, נייע,
ברענענדיגער, פלאַמענדיגער!
קום צו מיר, קום מיט מיר,
כ'רייס די קייט די אייזערנע,
כ'האָב די קראַפט דיך צו באַפרייען,

(רייסט איבער די געשליפענע רינג פון קייט; ציט אים צו דער ווייבער־שול)

קום אַרויף, אַהין אַרויף,
אויף די תחינות, אויף די תפילות,
אויף די דורכגעווייקטע בלעטער
פון אומזיסט פאַרגאָסענע טרערן, —

קום, וועקן די שטילע שול,
די צנועה׳דיג פאַרשטומטע שול
מיט געשריי פון העכסטן בונט,
קרעכצן פונ׳ם רויטסטן גליק —

(ציט אים צוריק פון די טרעפּלעך אַראָפּ צו דער שול־טיר)

ניין, ניין, אהער —
אָפּרייסן וועלן מיר זיין פּרוכת,
פון די פרומסטע הענט געשטיקט!
שלעפּן פון אָרון די תורה אַרויס,
אויף די יריעות, דאָרט, וואו ער האָט
טיף און שענדלעך מיך באַליידיגט,
מיך געקרענקט, מיך פאַרשאָלטן,
דאָרט וועלן דיך מיינע אָרעמס שטיקן,
מיין אָטעם דיך ברענען,
מיינע בריסטן דיך קילן.

(ציט זיך צום שול־הויף צו)

ניין, ניין, אהין קום, אהין —
יענע הייליגקייט פאַרשוועכן!
דאָרט צום טייכל, צווישן הושענות,
דאָרט צום וועלדל אויפ׳ן ברעג,
דאָרט, וואו די באַרעמהערציג־הייליגע שכינה,
האָט מיך אין אירע אָרעמס געוויגט,
איבער מיין פּנים געאָטעמט;
וואו אירע הייליגע טרערן
האָבן איבער מיינע ליפּן געטריפט...
און אירע הייליג־ווייסע הענט
האָבן מיינע האָר געגלעט — —
און לייטזייליג הייליגע אויגן
אריינגעשטראַלט דורך מיינע
א הייליגע נשמה אין מיר,

אהין קום! ס'קדשי־קדשים פארשוועכן!
איבער'ן לייכט געשרומפּענעם וואסער־שפּיגל
ציטערט נאָך דער שכינה'ס הארפן־קלאנג!
צווישן די ציטריגע קנייטשן,
פון שפּיציגע הושענא־בלעטלעך
שוועבט נאָך איר הייליגער רויזן־אָטעם־דופט,
אין דער נעץ פון לבנה־ליכט
שוועבט איר ריינקייט נאָך!

(שטעלט זיך אָפּ)

כא־כא־כא!
מ'ציט די שכינה פון וואסער ארויס,
אראָפּגעהאנגענע גלידער,
צוגעפּרעסט דאָס ווייסע העמד!
און די האָר ארום לייב,
און די אויגן צוגעמאכט, —
מיט גרינעם גראָז,
מיט שליים פארקלעפּט,
און וואסער, וואסער טריפט, טריפט...
אהין קום, קום! —

(ציט זי ווייטער)

משוגענער:

כ'גיי אייך נאָך!
כ'גיי אייך נאָך!

ע נ ד ע.

# ביינאַכט אויפֿן אַלטן מאַרק

(א טרוים פֿון א פֿיבער־נאַכט)

(פֿאָרשפּיל, פֿיר אַקטן און עפּילאָג, אין פֿערזן)

פערזאָנען פון טעאַטער:

---

דירעקטאָר.
רעזשיסער,—מיט'ן סצענאַר־העפט אין דער האַנט.
לעקטאָר.
דיכטער.
וואַנדערער.

שפּילער:

„ער" און „זי".
נאַכט-מיידל.
זאָקן-שטריקערין.
אויבס־ און אייער־הענדלערינס.
לאָמפּן-לעשער.
בדחן.
פּרוש.
נתן-שכור.
היימישער דיכטער.
אימיצער.
נאַכט-וועכטער.
פאַרהונגערטער אַרבעטער.
שול-שמש.
נושאים.
חברה-קדישא-שמש

קרעמער. וויבער (אויפ׳ן גאניק). אינגלעך (פון קלויז), „א ראד״ קליינע מיידלעך. צוויי עלטערע מיידלעך; איינע פון זיי מיט א ליבעס־בריוו אין דער האנט. יונגעלייט, אויף אן אסיפה־אוילנדיג.

דריי רעדנער.

פון עולם התהו:

(געקליידט ווי ביים לעבן)

וואסער־טרעגער מיט קאנען און א דנא.

האלץ־העקער—האק און שטריק אויף די לענדן.

צנועה—ארים געקליידט, און אלטע שאל איבער׳ן קאפ.

קרעמער—צו די לעבעדיגע ענלעך; איילן אויף א יריד; פעקלעך אין די הענט, וועגס־מאנטלען.

דריי באלעבאטים—א רייכער א דיקער, צווישן צוויי מאגערע ארימע; דער ערשטער אין טוך, די אנדערע—אין לאסטינג.

משכילים.

בלינדע זעצערין.

ארעסטאנט און א פוס—מיט נאכגעשלעפטע קייטן.

דורכגעשאסענער הוזאר—אוניפארם מיט אפגעריסענע קנעפ, א שווארצע וואונד אין ברוסט.

געקעפטער גארבער—מיטן קאפ אין די שווארצע הענט.

געהאנגענער—מיט׳ן שטריק אויפ׳ן האלז.

חזן.

געפרוירענע.

שול־שמש.

רעדנער—צו די לעבעדיגע ענלעך.

קדושים.

קלעזמער—פון ברונען ארויס, מיט די אינסטרומענטן, וואס זיינען גלייך מיט זיי נאס און פארוואקסן, אין די הענט.

מתים—צווישן זיי:

פון בית-עלמין: פון איינצלנע קברים, אין תכריכים:

גרייז.

אלטע און יונגע מתים: פרויען, מענער און קינדער. גישט לאַנג, לענגער און גאָר לאַנג געשטאָרבענע, וואָס איז צו דערקענען לויט דעם צושטאַנד פון די תכריכים.

קינדער—אינגלעך און מיידלעך.
בוגרת.
חוקרים.
משכילים.
חסידים.
אַרבעטער.
געווערבס-לייט.

פון אן אַלגעמיינעם קבר, אין געפּעכטע זעק:

בראָדער זינגער.

א כלה—אין די חופּה-קליידער, פון א יאָר 14-15, אונטער א שוואַרצער חופּה, געפירט פון שמשים, מיט געלאָשענע הבדלות אין די הענט.

זינדיגע—פון ערגעץ אויסערן בית-עלמין, מיט פעך אויסגעשמירט, מיט פעדערן אָנגעשטעקט.

עס שפּילן אויך מיט:

ברונען-גייסט.
ריטער, גייסטלעכע און א בישאָף—שטיינבילדער.
קלויסטער-גלאָק.
מאָרגענשטערן.
א בלעכענער האָן און צו ענד—
דער פייפער פון פאַבריק.

# פאָרשפּיל




## דערקלערונג און באַשרייבונג:

(רעכטס און לינקס פון דעם סופלער)

### רעכטס:

1) די שול. א נידעריגע, אַלטע. גרויע מויער, האַלב־קוירעבדיג

פענצטער, מיט דאָס מערסט אויסגעשלאָגענע שויבן, אונטער א מאָדנע אויסגעקרימטן, שווערן דאַך, מיט א וועטער־פענדל אויפ׳ן שפיץ, אין געשטאַלט פון א בלעכענעם האָן מיט אויסגעצופטע פליגל. טרעפלעך אראָפּ צו א שווערן אייזערנעם טויער.

2) דאָס שול־געסל.

3) די קלויז; דער ארייגאַנג—פון געסל. אן אַלטע פרייסישע וואַנט, אָפּגעשיילט. דער דאַך—אַלט און פריש געלאַטעט—שיף אין מאַרק אריין. לענגלעך־פיר־עקיגע פענצטער.

4) א חורבה. א שיפער האַלבער טויער אויף האָקן; פענצטער מיט ברעטער פאַרשלאָגן; א שוואַרצער, אויבן אָפּגעהאַקטער קוימען.

## לינקס:

1) א שענק. א שילד פון ברענענדיגע לעמפלעך: „ביז צום לעצטן גראָשן!“

2) דאָס קלויסטער־געסל.

3) אַן אַלט הויז. ביים טויער—צייכן פון א פעלדשער־וואוינונג: א פאַרביג לעמפל פון רויטן קרייץ און דריי מעשענע טעלער; אין אַריינגאַנג באַזונדער צו א וואוינונג דורך א הילצערן גאַניקל. דערויף א נייער שטאָק; גרויסע פענצטער און א באַלקאָן מיט שויבן־טירן.

## טיפער לינקס:

אין א הינטער־גאַס א קלויסטער. א מאַרמאָרנער טורעם מיט א גאָלדענעם קרייץ. דערביי א גלאָק־טורעם. ביידע טורעמס הויבן זיך איבער׳ן מאַרק, וואַרפן זייער צוזאַמענגעגאָסענעם שאָטן קווער איבער׳ן מאַרק ביז צום אַריינגאַנג פון שול.

## אין הינטערגרונד:

1) א געסל, וואָס שניידט דורך דעם הינטערגרונט און טיילט אים אויף צווייען. אין געסל—רעכטס און לינקס—קלייטן.

## רעכטס צום געסל:

2) אַן אַלט הייפל מיט א שטאָק. אַרום שטאָק לויפט א הילצערנער

גאַניק, וואָס קרעכצט ביי יעדן טריט. די טרעפּ אויפ'ן גאַניק אַרויף— דירעקט פון מאַרק. אין דער טיף פון גאַניק—פענצטער און א הייזל מיט טירן אין וואוינונגען אַריין. אונטער'ן גאַניק—קלייטן.

## טיפער רעכטס:

א געסל צו א פאַבריק, וואָס הויבט זיך מיט'ן רויטן, פיל־קוימענדיגן דאַך איבער'ן מאַרק.

## לינקס:

דאָס מאַגיסטראַט מיט א זייגער־טורעם. אין די נישען פון דער מאַגיסטראַט־מויער — שטיינבילדער פון אַלט־פּוילישע ריטער און גייסטלעכע. אָן זייגער־טורעם אָנגעשפּאַרט — א בישאָף מיט קרייץ און שווערד, וואָס קוקט שטרענג אַראָפּ צום מאַרק.

## אין מיטן מאַרק:

אַן אַלטער האַלב־פאַרשאָטענער ברונעם; פריש אַרומגעצוימט, דערביי—א ברונעם־געץ, אַן אַלטער פאַרגרינטער שטיין, וואָס שטעלט פאָר אַן אומגעהויער — האַלב מאַן, האַלב פרוי, מיט א האָרן אויף דער מעגלעכער זייט.

## געשפּילט ווערט:

פון זון־אונטערגאַנג ביז אויפגאַנג ווערנד א הערבסט־נאַכט.

---

## שמאָלע סצענע:

(די קורטינע אין הינטערגרונד באַשטייט פון שוואַרצע גאַזן און ווערט וואָס אַמאָל דינער אַזוי, דאָס צו ענדע פון פאָרשפּיל אַנט־פּלעקט זיך די גאַנצע סצענע. פון געגנאיבער ווינקל קומען: פון איין זייט—דירעקטאָר, פון דער צווייטער—רעזשיסער און הינ־טער אים—לעקטאָר)

ד י ר ע ק ט אָ ר:

(צום רעזשיסער)

פאַרטיג?

ר ע ז ש י ס ע ר:

באַלד זיין;
מען צוימט נאָר דעם ברונעם אַרום.

ל ע ק ט אָ ר:

וואו אומגעקומען אַמאָל
עס זיינען די שכור'ע קלעזמער...
און דער געז, וואָס האָט גע'כשופ'ט
און אין ברונעם אַריינגעצויגן?

ר ע ז ש י ס ע ר:

שוין אויפגעשטעלט...
פון גרינעם שטיין אַן אומגעהויער,
האַלב מאַן, האַלב ווייב, מיט א האָרן
אויף דער מענלעכער זייט...

לעקטאָר:

פון פאַר שול און קלויסטער,
א לאַנג פאַרגעסענער גאָט...

דירעקטאָר:

און וועט זיך וועקן און גיסן...

רעזשיסער:

א רויט שנירל וואַסער פון מויל
ווי ביי א קו, וואָס הויבט דעם קאָפּ,
אין מיטן טרונק פאַרטראַכט...
און פון ד'אויגן וועט
שטראַלן אוים א צויבער־קרייז
א רויטלעך־גיריג ליכט ארום,—
ווי דער דיכטער וויל...

דירעקטאָר:

(צום לעקטאָר)

דו רעדסט פאַר יעדן אַקט,
אָבער—קורץ און שאַרף!

רעזשיסער:

אַניט,—קורטינע אויפ'ן קאָפּ!

דירעקטאָר:

פאַר'ן ערשטן—וועגן דער סצענע,
באשרייבן די וויכטיגע שטעלן...

(צום רעזשיסער)

דו וועסט זיי באַלייכטן...

ל ע ק ט אָ ר:

און וועגן סיוזשעט?

ד י ר ע ק ט אָ ר:

רעדט דער פּראָפעסאָר אַליין.
אָט גייט ער...

(דיכטער קומט אָן)

ל ע ק ט אָ ר:

אַ בלאַסער,
פּלעמלעך אין אויגן שוואַרץ,
די רעכטע איבער'ן האַרץ...

ד י ר ע ק ט אָ ר:

זעט נישט קיינעם...

(אָפּ, פאַרדראָס.)

ל ע ק ט אָ ר:

פאַרטראַכט...

(צום פּובליקום)

דאָס האָט ע ר דאָס שטיק געמאַכט,
וויל עפּעס זאָגן...

ד י כ ט ע ר:

(אין דער מיט אַריינגעקומען, פאַרנייגט זיך עטוואָס לינקיש
פאַר'ן פּובליקום)

אַ טרוים פון אַ פיבער־נאַכט,

אויף א זומפּ, וואָס וויל נישט טראָגן
שטייט דאָס קראַנקן־בעט,
עס וואַכט
דאָס טויט־צעשראָקענע האַרץ...
פון ערגעץ העט,
פון סטעפּן שוואַרץ,
פון נאַכט־באַגאָסענע פעלדער
און וועלדער,
קומען
טענער ווילדע געשוואומען...
ווילדע, בלוט־דורשטיגע חיות ברומען,
און ווייסע מיראַזשן־פּלעמלעך,
טייוול־געלעכטער, מתים־געשפּעט...
וואו הינטישע שוועמלעך,
טאַנצן אַרום, לעשן זיך, וועקן
און שרעקן...
און אין דער הויך —
א הימל־בלייך,
טויב־שטום אויסגעצויגן...
אָן א שימער, אָן א ליכטיגן צאַפּל...
אָן א שוואַרצן אַפּל,
א ווייסל פון בלינדע אויגן...
קיינער וואַכט,
א טויב־שטומע פיבער־נאַכט!
און א וואַנזיניגער ליץ
פלעכט צופוסנס אן אַלטן נעץ
א נעץ
פון שאָטן און שטראַלן...

(צעגייט זיך, באַוועגט, אַהין און צוריק)

שאָטן פון פאַרגאַנגענעם,
קוים איבערגעלעבטע קוואַלן...

און שטראַלן
ווערן אַריינגעהאַפּטן
פון נאַך אין נעץ נישט געפאַנגענעם,
פון קוים געהאַפּטן...
פרעגט דאָס האַרץ אין שטילער פּיין:
„געוועזן", „וועט קומען", וואו איז זיין?
ווען קומט זיין פאַדעם אַריין אין געפלעכט?
ענטפערט ווער אין פיבער־נעכט?
דער שאַקאַל, די היענע...

(צוגעקומען צו א ווינקל, אומגעריכט—אָפּ)

רעזשיסער:

שטאַרק!

(דעם לעקטאָר וועקנדיג)

די סצענע...

(אָפּ).

לעקטאָר:

אַן אַלטער מאַרק,
אָט, דאָס א מאַגיסטראַט.

(דאָס מאַגיסטראַט ווערט באַלויכטן)

אין די נישען פון פאַסאַד
שטיינבילדער: אַלערליי
פריצים אַלטע; גלחים צוויי,
פרום און פאַרקלערט;
און אין דער הויך, ווי איר זעט,
ביים זייגער־טורעם (דער זייגער שטייט—)
א בישאָף מיט קרייץ און שווערד,
די האַנט געשטרעקט און געהויבן
גרייט צו קעמפן פאַר'ן גלויבן...

מיט'ן קרייץ בענטשט ער, מיט'ן שווערד שטויסט ער...
אין הינטער־גאַס, טיפער לינקס—א קלויסטער,

(קלויסטער ווערט באַלויכטן)

דעם גאַנצן מאַרק איבערבליקט ער,
לייטזעליג שטאָלץ, צעשמייכלט האָלד,
מים מאַרמאָר־וויים און צלם־גאָלד,
און זיין לאַנגן שאָטן שיקט ער
איבער'ן מאַרק געשפּרייט,
ביז צו דער שול אין רעכטער זייט...

(עס ווערט באַלייכט די שול)

א שול, ווי אַלע שולן,
קוקט אויף צעשלאָגענע שפּאַקולן...
אַן אַלטער מויער,
איינגעהילט אין טרויער,
אויסגענעצט פון טרערן...
אונטער דעם איינגענעם דאַך, דעם שווערן,
געדריקט... און קוקט צעשראָקן
צום קלויסטער: זע, איך פאַרנעם א בראָקן
אַן פאַרבן, אַן קלאַנגען;
טרעפּ־אַראָפּ ווערט צו מיר געגאַנגען...
דו—זיי גרוים! זיי בליצנדיג און העל!
נאָר נעם דיין שאָטן צו פון מיין שוועל,
ער ציט מיר די נשמה ארוים...

(די קלויז ווערט באַלויכטן)

א פּריילעכער דלות די קלויז...
אַלט, שיט זיך, פאַלט צוזאַמען,
און גרויסע פענצטער פלאַמען!
אינגלעך, תורה־לערנער זיצן —
בלאַסע בעקעלעך,

שוואַרצע לעקעלעך!
בליצן
די חנ׳עוודיגע אויגעלעך...
זינגען די ווי פייגעלעך!
קלינגען ווי די גלעקעלעך...

רעזשיסער:

(באַווייזט זיך אין ווינקל ברומענדיג)

שפעט!

לעקטאָר:

(ווייל רייץ ענדיגן, דערהערט טריט אומרואיג)

אָבער אימיצער גייט...

(וואַנדערער באַווייזט זיך, מיד און זייער לאַנגזאַם)

גאַנץ אומבאַקאַנט...

רעזשיסער:

(דורכוואַרפנדיג זיין העפט)

אין סצענאַר נישט דערמאָנט...

לעקטאָר:

(דעם וואַנדערער מיט שטויגען באַטראַכטנדיג)

טרעט,
פיקסירט די לופט, די לערע;
רוק־זאַק, וועגס־קליידער שווערע...
דער שטאָק מיט וועלקע רויזן געציטערט,
גייט און פאַרלירט
די בלעטלעך אינ׳ם גאַנג...
די ליפּן פאַרביסן...

רעזשיסער:

כ'גיי, טאָן צו וויסן...

(אָפּ).

אַרום זיי דער שמייכל—קראַנק,
יונגע אויגן קוקן באַנג
פון אונטער'ן גערונצלטן שטערן...
(פויזע, דערהערט רייד)
עפּעס רעדט ער, לאָמיר הערן!

וואַנדערער:

(זיך אומקוקנדיג)

דערזעלבער הימל, די זעלבע שטערן
דיזעלבע ערד...
און דאָס אויער הערט
און ווערט נישט פול פון הערן,
דאָס אויג—פון זען נישט זאַט...
נישט ליניען־ און פאַרבן־מיד...
דאָס נאָענטע טרייבט, דאָס ווייטע ציט
אַלץ מער, אַלץ מער...
ביז ווערן מאַט...
דער רוק־זאַק—שווער...

(הויבט אָן אָפּצולייגן)

און עס דריקן די געוועַנדער
מיט'ן שטויב פון וועגן און לענדער
אין די נעט, אין געוועב...

(זעצט זיך ביי דער שול־מויער)

שוועב צו, נאַכט, שוועב!
דיין שאָטן איז ווייך,
דיין אָטעם—לינד...

איך קום, פרעג נישט פון וואנען...
און איידער דיין שאָטן צערינט,
גיי איך פון דאנען.
וואוהין? נישט פרעג...
אפשר ווייסט ווער אין דער הויך...
איך פון מיין לאנגן וועג
בין עלטער געוואָרן, נישט קליגער...
כ'גיי שוין לאנג, זייער לאנג
מיט דער זון; פון אויף ביז אונטערגאנג...
אין ערגעץ קיין פרעמדער און קיין הינגער...
געטריבן פון אומבאקאנטן יעגער,
וואָס טרייבט אַלע און מיך נאָך שנעלער...
רו איך, טרוים איך אויף א פרעמדן געלעגער,
און ווערט עטוואָס העלער,
פון בעט ארוים!...
נאכט, לאָז רוען אין דיין שוים...
איך וויל נישט אריין אין שטאָט...
איך קען זי; דאָ, אין דיין גענאָד,
שפין א טרוים מיר אוים,
שטיל פארוויג דאָס מידע הארץ...
שפין גרוי, שפין שווארץ,
שפין רויט...
קענסט אויך די פארבן מישן,
צוזאמען וועבן...
נאָר שפין! שפין פון לעבן,
שפין פון טויט
און פון צווישן...

(שלאָפט איין. די גאַנץ־פאָרהאַנג איז שוין אַזוי דין, אַז מען זעט בולט דעם גאַנצן מאַרק, מיט אַלע פערזאָנען, וואָס שפּילן אין אָנפאַנג. די שול איז פינצטער, די קלויז — העל באַלייכט, בליץ־לאָמפּן ברענען רויִקיג אין דער טיפעניש פון די קלייטן

אין אַלטן הייפל. קרעמער שטייען גרייט, די לאָמפּן צו לעשן, צו פאַרמאַכן. אויפן הילצערנעם גאַניק, אין דער הויך פון הייפל, זיצן ווייבער פאַרקוקטע; מאַנכע צו דער קלויז, אַנדערע אַראָפּ צו די מיידלעך, וואָס שטייען אין מאַרק אין אַן אומבאַוועגלעכן ראָד, נאָך אַנדערע אַרונטער, צו די קלייטן. הינטער די ווייבער זעען זיך די פענצטערלעך צו די וואוינונגען—רויט, ווי אָנגעצונדענע אויגן. אין געסל פון הינטערגרונט, נעענטער צום מאַרק, שטייען צוויי עלטערע מיידלעך. איינע פון זיי—מיט א בריוו אין דער האַנט ביי דער פלאַם פון א לאַמטערן. טיפער, הינטער זיי—דער לאָמפּן־לעשער מיט זיין אינסטרומענט, גרייט צו צוטרעטן צו זיין אַרבעט. דאָס מאַגיסטראַט—פון אינעווייניג פאַרלאָדנט. אַרום די לאָדן־שפּאַלטן ציטערט א רעגנבויגן־פאַרביג־ליכט. אין מאַרק־ווינקל, ביים קלויסטער־געסל—„ער" און „זי", געאַרעמט, גרייט אַריינצושפּאַצירן אין מאַרק אַריין, אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט, נישט ווייט פון דער שענק־טיר, קענטיג ערשט פון דאָרט אַרויסגעקומען, שטייט דער נאַכט־וועכטער, גרייט צו מאַכן די רונדע, מיטן פייפערל אויף א קייט אַרום האַלז. דער גענץ אין מיטן מאַרק—גריזלעך־טונקל. די ברוקירטע געסלעך שימערירן מיטן גלאַנציגן קוזעל... די פלעמלעך אין די לאַמטערן—ציטערן ווי אין פייכטער לופט...

די פערזאָנען, אויף זייערע ערטער צעשטעלט, וואַרטן אומבאַוועגלעך אויף א צייכן, אָנצוהויבן.

רעזשיסער קומט צוריק מיט דירעקטאָר און דיכטער; זיי גייען צו אויף די נעגל).

רעזשיסער:

(אויפן וואַנדערער ווייזנדיג)

שלאָפט...

לעקטאָר:

ווי אין נעפּל געהילט...
וואָס אויף א סצענע קען געשען!

דירעקטאָר:

נעמט אים, אין איינעם...

(דירעקטאָר, לעקטאָר און רעזשיסער נעמען און טראָגן דעם וואַנדערער טיפער אין קוליסן־ווינקל אַריין, איבערלאָזנדיג זיינע זאַכן).

דיכטער:

(אין פלוצלונגער אויפלייכטונג)

האָב איך, הייסט עס, איינעם
פון זיינע חלומות געזען,
און דעם וועט מען שפּילן!

(זאַמלט דעם וואַנדערערס זאַכן)

(פאָרהאַנג)

# ערשטער אַקט

אויף דער סצענע—גערויש און באַוועגונג.

די קלויז לערנט, זינגענדיג. די שענק פּלוידערט. גערויש פון דער פאַרזאַמלונג, דורך אָפענע, שטאַרק־באַלויכטע פענצטער אויפ'ן נייעם שטאָק. קרעמער שליסן די קלייטן: געקריצערייי פון אַלטע שליסלען אין אַלטע שלעסער. אונטן אין הויפ לעשט זיך א פענצטער; די זאַקן־שטריקערין, קומט אַרוים. א זאַק אַרבעטנדיג, און שטעלט זיך ביי א לאַמטערן, צו וועלכן זי הויבט אָפּט דעם זאַק, קאָנטראָלירנדיג, צי זי פאַרלאָזט נישט קיין אויג. „ער" און „זי" שפּאַצירן געאַרעמט, געגנזייטיג אין זיך פאַרקוקט. אין דער ריכטונג צום שול־געסל, דעם מוידלעך־ראַד פאַרביי. זייער אָרט פאַרנעמט דאָס נאַכט־מוידל. וואָס שטעלט זיך ביי דער וואַנט, אויסקוקנדיג, מיט קרענקלעך־בליצנדיגע, אַרומגערענדערטע אויגן, ווער־מען עס איז פון מאַרק; הוסט. איר פאַרביי, מיט אָפּשיי אויף איר קוקנדיג, מיט רעשטלעך נישט־פאַר־קויפטע סחורה אין די הענט, שלעפּן זיך מיד אין מאַרק אַריין, אין דער ריכטונג צו דער זאַקן־שטרי־קערין צו, די אויבס־און־אויער־הענדלערין. דיזער נאַכט־וועכטער, נישט זיכער אויף די פיס, זוכט פאַרשלאָפן, דאָס פייפערל אַרום האַלז, אויף דער רונדע צו גיין. דער לאָמפּן־לעשער הויבט אָן זיין אַרבעט אין הינטערגרונט־געסל; די עלטערע צוויי מוידלעך אנטלויפן פון אים צו א לאַמטער אין מאַרק. דאָס מוידלעך־ראַד באַוועגט זיך, ווי אין חלום. רינגס־אַרום, שטיל זומענדיג. פון פאַרזאַמלונג קומט מען אַרוים אויפ'ן באַלקאָן, זיך טריקענען פון שווייס.

איבער'ן גערודער הערן זיך שטימען:

א יונגע שטימע פון קלויז:

הני מילי,—א מוכח עץ!

א הייזעריגע פון שענק:

טרינק—פאַדליעץ!

פון באַלקאָן, ארויף צו דער פאַרזאַמלונג:

ס'א אייזערן געזעץ!

פון א קרעמער ביי דער קראָם:

(אויף צום באַלקאָן)

העץ דעם עולם, העץ!

פון א צווייטן קרעמער:

וועסט אויסגיסן דאָס באָד!

פון א ווייבל אויפ'ן גאַניק:

זיי וועלן פארברענען די שטאָט!

(עס ווערט שטילער; דאָס מיידל־ראָד וועקט זיך)

א מיידל:

שפילן מיר אין קעסטעלעך...

דאָס ראָד:

אין קעסטעלעך...

דאָס מיידל:

— קומט ארוים א בער...

א צווייט מיידל:

(אָנווייזנדיג אויף „ער" און „זי", וואָס גייען פאַרביי)

— שטילער, שטילער, שוועסטערלעך,
זעט, ווער ס'קומט אהער...

(באַוועגן זיך איינגעהאַלטענער, זשומען שטילער, אויף „ער" און „זי" פאַרקוקט; צו זיי די אויערן צוגעשפּיצט).

זי:

(פאַריחלומט)

מעבל—וויים, ראָזע טאַפּעטן!

ער:

(באַרימעריש)

געביטן דאָרפּסטו, קינד, נישט בעטן!

זי:

און אן אמפּל?

ער:

פון טריעסט!

זי:

און א פּאַנאָגראַף פאַר געסט?
וועט נישט זיין צו טייער?

נאַכט־וועכטער:

(דאָס פייפל געפונען, די רונדע אָנהויבנדיג)

היט אייך פאַר פייער! היט אייך פאַר פייער!

(גייט אַרום מאַרק, שלאָפנדיג אין גאַנג)

בדחן:

(רוקנדיג זיך ביי דער וואַנט נענטער צו דער קלויז;
צום פרוש)

ס'איז מיר עפּעס אַראָפּ פון זינען...
כ'האָב עפּעס א וויכטיג וואָרט פאַרגעסן...
צו לאַנג אין חורבה געזעסן
צווישן די שפּינען...
און כ'וואָלט מיר דערמאָנט, כ'וואָלט עס געפונען...
א רגע שטיל, און ס'וואָלט מיר געראָטן.
איז פול די חורבה מיט אַלטע שאָטן,
עפּעס הייליגע אַלערליי...
עפּעס וויינען זיי, עפּעס זאָגן זיי...
און ס'טשעפּעט זיך די פלעדער־מויז,
און עס שטערט די גריל...
און דאָ—די קינדער, די קלויז...
די ווייבער אויפ'ן גאַניק איבער דער לענג...
און די שענק...

א ווייבל אויפ'ן גאַניק:

וואָס ער ביט זיך אויס...

בדחן:

(צום גאַניק אַרויס, זיך בעטנדיג)

זאָל זיין שטיל, א רגע שטיל!

ס'איז דאָך אזוי נויטיג!
און ס'איז דאָך א ווייטאָג...

(צום פּרוש)

עס איז דאָך פאַרט
פאַראַן אַזא וואָרט,
אַלץ איבערצומאַכן, איבערצוקערן...

**פּרוש:**

(מיט דער האַנט צום הימל)

זיין ווערק!

(געגנזייטיגער איינגעשפּאַרטער אויגן־שפּיל ביז צו געגנזייטי־
גער סוגעסטיאָן; ביז ביידע ווערן אויף זייערע ערטער ווי
פאַרגליווערט)

**דאָס עלטערע מיידל מיט'ן בריף:**

(וואָס האָט אים געענדיגט, ווייזט אים דעם צווייטן
עלטערן מיידל)

זע, נאָס פון טרערן.

(קושט דעם בריוו; באַהאַלטנדיג אים אין בוזים אַריין; מער
שטאָלץ אַלס פאַרליבט, פון בריוו ציטירנדיג)

איך בין זיין ליכטיגער שטערן...
קוקט ער מיר אין די אויגן אריין,
טרינקט ער לוסט, ווי שטאַרקן וויין!
רופט מיך: ליבסטע, ליבסטע דו מיין...

(פאַרבייגייענדיג דעם מיידל־ראָד)

קושט מיר די אויגן די בלויע....

א מיידל:

(אין ראָד, פאַרבליפט)

אויגן האָט זי—גרויע!

(די עלטערע מיידלעך—ראַשער אָפּ אין שול־געסל. לאָמפּן־לעשער קומט אין מאַרק אַריין, הויבט אָן זיין אַרבעט)

א מיידל:

(אין ראָד באַמערקט אים, מאַכט נאָך זיינע טריט)

טיפּ—טאַפּ! טיפּ־טאַפּ!
הילעכדיג און שווער!
וואו ער שטעלט זיך, גיט א קלאַפּ, ——
אָפּגעשטאָרבן א לאַמטער!

(קרעמער קומען זיך צוזאַמען, אין מאַרק זיך אָפּוואַרטנדיג. דאָס נאַכט־מיידל רוקט זיך ווייטער אַרויס; דער ערשט־גע־קומענער קרעמער באַמערקט זי. אויגן־שפּיל).

א ווייבל פון גאַניק:

(דערזען, אומרואיג אַראָפּ צום קרעמער)

שפּעט! ס'עסן ווערט קאַלט!

קרעמער:

(פאַרשעמט)

באַלד... באַלד...

(כאַפּט אַרויס זיין טאַשן־אור, וויל, מכלומרשט, פאַרגלייכן מיט'ן שטאָט־זייגער)

כ׳זע נישט פון ווייטן...

(צו די אָנקומענדיגע)

איר זעט?

צווייטער קרעמער:

(האָט פאַרשטאַנען, לאַכט)

אַז יענער שטייט
פון מלך סאָביעסקי׳ס צייטן...

ערשטער קרעמער:

(וויל נישט נאָכגעבן, מיט א געבעט־בליק)

מיין זייגער לויפט...

דריטער קרעמער:

(ראַטעוועט פון פאַרלעגנהייט)

אַלטווארג א וואָגן פארקויפט!

צווייטער קרעמער:
מאָרגן—אויפ׳ן יאריד?

ערשטער קרעמער:

וואָלט איך געלט געהאַט...

פּרוש:

(פון קלויז אַרויסגעקומען, זיך נישט דרייסט בעטנדיג)

נעמט מיך מיט. נעמט מיך מיט...

(מען הערט אים נישט)

פערטער קרעמער:

(צוקומענדיג, אויפן נאכט־מיידל פארקוקט)

אבער—בלאט!

א צווייט ווייבל פון גאניק אראפ:

(שטרענג)

יואל!

(קרעמער צעגייען זיך; טייל—אויף די טרעפ, צום גאניק ארויף)

זאקן־שטריקערין:

קען קומען דער גואל?!

פרוש:

זינדיג איז די וועלט, זינדיג...

דאס מיידל ראד:

(נאך אמאל געוועקט)

שפילן מיר אין קעסטעלעך,
קומט ארוים אן אינדיק...

זאקן־שטריקערין:

(צו די צוגעקומענע הענדלערס, מיט שטייגנדיגער ליידנשאפט)

אוי, ליבע שוועסטערלעך,
פארצייטנס ווען ס'פאסירט,
מען וואלט זי אין באד אריינגעפירט,
אין פעך אויסגעשמירט,

אין פעדערן אויסגעצירט
פון מאַרק, פון שטאָט אַרויסגעפירט...
געפיפן און געשמיסן!

אויבם-הענדלערין:

איך וואָלט זי צעריסן...

אייער הענדלערין:

(ענדיגט)

אויף שטיקער...

מיידלעך פון ראָד:

נתן־שכור! נתן־שכור! נתן־שכור!

(נתן־שכור וואַקלט זיך אַרויס פון שענק; דורך דער אָפענער טיר הערט זיך געזאַנג)

היימישער דיכטער:

(זיין שטימע פון שענק אַרויס)

זינגט!
טרינקט!
האַלזט אייך און קישט!
די ליבע פאַראינגט,
דער ווייַן—דערפרישט!

טרינקער־כאָר פון שענק אַרויס:

די ליבע פאַראינגט,
דער ווייַן—דערפרישט!

היימישער דיכטער:

העכער
די בעכער!
שלאָגט אָן און קלינגט!
ווען אַז נישט איצט?
דאָס לעבן פאַרבליצט...

(געזאַנג רייסט זיך איבער)

נתן־שכור:

(האָט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, ענדיגט)

ס'איז פאַר'ן טויט קיין מענטש באַשיצט...

(וואַקלט זיך, פאַלט. פאַרהונגערטער אַרבעטער, געקומען פון הינטערגרונד־ געסל. וויל אים, אין פאַרבייגיין, אויפהויבן)

נתן־שכור:

(לאָזט זיך נישט)

ליג'ך...
אַזוי וויל'ך...
אויסגעשטרעקט...

פאַרהונגערטער אַרבעטער:

(גייט אָפּ צו אַ טויער, וואו ער וועט זיך זעצן אָפּרוען, צוריקוואַרפנדיג)

שווייַן!

נתן־שכור:

ווי זיס, ווי פיין
די פייכטלעכע ערד שמעקט...
האָניג מיט מילעך!
אָן הענט—ווי אַ מאַמע גלעט זי...
אָן לשון—מאַמע־לשון רעדט זי...

(די קלויז שטילט זיך דערוויל. אינגלעך האָבן די טיש און
שטענדער־ליכטלעך געלאָשן. פאַרשיידן־פאַרביגע פאַפּירענע
לאַמטערלעך אָנגעצונדן און גייען אַרויס)

מיידלעך:

(אויפלייזנדיג דאָס ראָד)

— קיל...
— אָן אינגעלעך איז קיין שפּיל...

אינגלעך:

(געזאַנג פון געסל אַרויס)

וואָס איז דער מענטש? וואָס איז זיין ווערט?
אַש פון דער ערד! שטויב פון דער ערד!

(שוין אין מאַרק)

היינט—אין שטוב,
מאָרגן—אין גרוב!

(פאַרשוויגן פון אָפּשיי, צוגעקומען צום געץ; מיידלעך
דערנענטערן זיך צו זיי פאַמעלעך און איינציגווייז)

אַ אינגל:

(אויפן געץ)

אָן „ער" צי אַ „זי"?

א צווייט אינגל:

צוזאַמען!

א מיידל:

איך האָב עס געהערט פון דער מאַמען...

(דערנענטערט זיך, נאָך איר—אַנדערע)

דיכטער:

(וואָס האָט, אַרויסקומענדיג, געהערט)

די ליבע!

פרוש:

(איבערשרייענדיג)

די זינד!
בלינד!
אינעווייניג שטיקן זיך פלאַמען!

דאָס ערשטע אינגל:

כאַפּט זיך אָפּטמאָל אויף ביינאַכט,
האַלבער־נאַכט...
זאַכט,
מויל און אויגן—אויפגעמאַכט...
פון מויל—א שנירל וואַסער פליסט,
פון ד'אויגן זיך גיסט
א פאַר'כשופ'ט רויטלעכער שיין...
ווערט אַרום און אַרום א פאַר'כשופ'ט ראָד...
און טרעט ווער גראָד
אין פאַר'כשופ'טן ראָד אריין,

דער וועט שוין זיין וועג נישט געפינען,—
דער קומט שוין פון זינען,
און עס ציט אים אין ברונעם אריין...
ווי ער האָט געמאַכט...
מיט די קלעזמער...

אינגלעך און מיידלעך:

נישט היינט געדאַכט!

א מיידל:

ז'זיינען נאָך דרינען?

א אינגל:

אויסגעשעפּט, קיין זכר געפונען...
צינד—מיט א צוים פאַרהיט!

היימישער דיכטער:

(צום גאַניקל אַרויפגייענדיג)

איך האָב דערפון געמאַכט א ליד!

(אַרויפגעקומען, אין פויזע געשטעלט, דעקלאַמירט)

**האָט איר געהערט פון שרעקלעכן פאַל**
**ווי ס'איז דער קאַפּעלע, דער הונגער דערגאַנגען?**
האַלבער נאַכט, פון פריצישן באַל,
פון פריצישן באַל, פון קלויסטער־גאַס!
**זיינען, אָן ציצית, קלעזמער נעגאַנגען:**
פידל, טראָמפּייטל, פייקל און באַס...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

**גייען די קלעזמער פון פריצישן באַל,**

נסך געטרונקען, פת־עכו"ם געגעסן,
שכור פון תאוה, שכור פון ווײַן...
ס'איז האַלבע נאַכט,
דער גײַץ וואַכט,
נעמט ער און ציט זײ אין ברונעם אַרײַן...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

שפּרינגען זײ אײנס נאָכ'ן צווײטן כסדר...

(האַקט אָפּ, פון בדחן צאָרנדיג פּיקסירט)

**א אינגל:**

(אויפ'ן בדחן מיט שרעק אָנווײזנדיג)

דערבײ געווען?

**א צווײט אינגל:**

אַנטקעגן געגאַנגען... און אַלץ געזען...

**בדחן:**

(כאַפּט צאָרנדיג אַרויס א רוטע פּאַטשײלע פון בוזעם)

האַ־האַ!
קינדער זאָגן אויס פון חדר!

(יאָגט זײ, מיט דער פּאַטשײלע ווײענדיג)

אַ—שאַ! אַ—שאַ!

(קינדער צעלויפן זיך אין הײַזער, אויפ'ן גאַניק אַרויף, מיט
א שרעקיג צעוואָרפן געלעכטער)

**ווײַבער־ און קרעמער־שטימען אויפ'ן גאַניק:**

— אַן אײנפאַל דאָס האָט!

— אַלץ דער נעץ!
— פאַרוואָס צעברעכט מען נישט דעם נעץ?
— פאָרט אַמאָל געווען אַ גאָט!

לאָמפּן־לעשער:

(וואָס האָט געענדיגט זיין אַרבעט אין מאַרק, אָפּגייענדיג צום קלויסטער־געסל)

— גוט נאַכט!

בדחן:

(אונטערכאַפּנדיג אין מאַרק אַריין, צום גאַניק אַרויף)

— גוט נאַכט!

(ווירקונג)

שטימען:

גוט נאַכט! גוט נאַכט! אַ גוטע נאַכט...

(גייען אין די שטובן אַריין; די פענצטערלעך אין גאַניק ווערן פון אינעפּייניג פאַרלאָדנט)

בדחן:

(צופרידן)

אזוי איז גוט... אויגן—בלינד...

(אויף דער פּאַטשיילע)

כ'מאַך נאָך מיט דער כלי ווינט,
און לעש אויס אַלע שטיבער!
זאָל זיין פינצטער ווי אין גריבער!
שטיל ווי אין גריבער!

(טוט עס ; ווייעט געגן עטלעכע נאָך ליכטיגע פענצטער, לעשט זיי דערמיט, וויל צוגיין נעענטער צום נייעם שטאָק, לעשן די פאַרזאַמלונג ! עס מיידן אים אויס, אים נישט באַמערקנדיג)

יונגעלייט :

(וואָס האָבן זיך געלאָזט פאַרשטוילן פון שול־גאַס צו דער פאַרזאַמלונג, שנעל ריידנדיג, מיט זיך פאַרנומען)

— ווערסט רעדן ?
— וועגן סעים !
—איך—וועגן שקלים !
— א פאָלק, ווי א מענטש, מוז האָבן א היים !

בדחן :

(הינטער זיי,דעם שטאָק מיט דער פאַטשיילע לעשנדיג)

אָדער א חלום !

פאַרהונגערטער אַרבעטער :

(אויפשפרינגענדיג)

זיי ווילן דען מער ? !

נאַכט-מיידל :

(צו די יונגע־לייט, וואָס צעשטרייען זיך, צעשראָקן)

קומט מיט מיר ווער !

(אַז יענע לויפן אָפּ, צום באַמערקטן אַרבעטער, זיך גראָב צעשמייכלענדיג)

דו... דער שענסטער... דער בעסטער !

פאַרהונגערטער אַרבעטער:

שוועסטער,
ווי האָסטו דיך פאַרגעסן?

נאַכט־מיידל:

(באַטראַכט אים; נישט גלויביג)

האָסט עפּעס צו—עסן?!

פאַרהונגערטער אַרבעטער:

(מיט אַן אָנצוהערעניש)

נישט אפילו וואו צו שלאָפן...

נאַכט־מיידל:

(זיך האַרט אָפּווענדנדיג)

אָבער שטראָפן קען ער, שטראָפן!

(גייט אין דער ריכטונג צו נתן־שכור)

פאַרהונגערטער אַרבעטער:

(מיט די פויסטן געגן פאַבריק־דאַך)

זויג! נאָג אונז אויס אומזיסט!
וואַרף אונז די שוועסטער אַרויס אויפ'ן מיסט!
פאַראומווערדיג אַלעס, וואָס הייליג און טייער...

נאַכט־וועכטער:

(פון גייענדיגן שלאָף געוועקט)

היט אייך פאַר פייער! היט אייך פאַר פייער!

נאַכט־מיידל :

(רירנדיג מיט עקל נתן־שכור)

נתן־שכור :

(האַלב די אויגן געעפנט)

— שיינדאַלע... מיידאַלע קליינס !

נאַכט־מיידל :

(ווילנדיג אים אויפהויבן, אומגעדולדיג)

אַלץ איינס !

(לאָזט אים אָפּ, אָן אָטעם)

ביזט אַזוי שווער !

נתן־שכור :

(דערזעט זי ; שרעק)

ווער ביזטו, ווער ?

(וואַרפט זיך צו דער ערד, שלאָכצט)

גלייב מיר, שיינדאַלע, גלייב !
כ׳קען זי נישט... קיינמאָל געזען !...

בדחן :

(צום נאַכט־מיידל, טיף באַרעמהערציג)

מיט מיר וועסט גיין ?

פּרוש :

(שרעק)

גאָט, דעם שטן פאַרטרייב !

(נאַכט־מיידל, פון ביידע אַ בערגעשראָקן, שפּרינגט אָפּ, פאַלט אימיצן, וואָס איז אַרויסגעקומען פון פעלדשער־שטוב, מיט צוויי גרויסע פלעשער מעדיצין אין ביידע הענט, אויף דער ברוסט אַרויף. ער פאַרלירט די פלעשער, וואָס פאַלן און פּלאַ־
צען אין מאַרק. איין אויפגעציטערט פון אַלע אַרום)

אימיצער:

אָ, קום אין מיינע אָרים אריין!
דיין אויג בליצט אין דער נאַכט אריין...
הייליג שמעקט דיין לייב!
איבער דיין קאָפּ ווייסע טויבן שוועבן...

(אַז דאָס נאַכט־מיידל וויל זיך אויסרייסן)

בלייב אין מיינע אָרים, בלייב!
שטיל זיך איבערגעגעבן...

(זי פעסטער אַרומקלאַמערנדיג און נישט לאָזנדיג קומען צום וואָרט)

ליפּן צום קושן, ליפּן צום קושן!
גאָר נישט פרעג! וויל גאָר נישט וויסן
וויסן ליימט!
דערשראָקן און פאַרשעמט,
פּראַלט מען צוריק...
אין שטילן צופאַל איז גליק!
אין זיין פאַרבאָרגענער שזים
בליט, פלאַמט די מיסטישע רויז —
אייביגקייט אין אויגנבליק!

נאַכט־מיידל:

(קוים זיך אויסגעריסן, עטוואָס אָפּגעשפּרונגען, אים מיט עקל באַטראַכטנדיג)

דאַר ווי אַ שפּין...
אַ שטים פון אַ גריל...
ווער ביזטו?

**אימיצער:**

(זי צוריק אין די אָרים כאַפּנדיג)

שטיל!
כ'וויים נישט, ווער איך בין,
כ'וויים נאָר, וואָס איך וויל...

(ציט זי מיט געוואַלט אין אַ טויער אַריין, וואו ביידע ווערן פאַרשוואונדן)

**פרוש:**

אַ גאָט, שטראָף!

(פון הינטער די פאַרלאָדנטע שטיבער, שפּינט זיך פון שטילן געוויש אויס אַ—)

**קריאת שמע:**

שיק צו אונזערע אויגן שלאָף,
צו אונזערע ברעמען—דרימל,
גאָט, וואָס קעניגסט אין הימל
— — — — — — — — — —
הער אויס אונזער תפלה!
שיק אונז חלומות זיסע, שטילע!
פון ישועות, פון נחמות...
און קומען צו דיר די נשמות,
האַלט זיי, אונטער דיין פליגל פאַרבאָרגן,
ביז מאָרגן... ביז מאָרגן...

(די קריאת שמע צעריסט זיך)

(פויזע. די שענק פאַרלאָדנט זיך פון אינערווייניג. עס בלייבט נאָר ברענען די אויפשריפט פון דער שילד. אויפן גאַניק מיט א נאַכט־לעמפל, וואָס ער שטעלט אויף א טישל, קומט אַרויס)

היימישער דיכטער:

(אין הימל פאַרקוקט, דעקלאַמירט)

אין מערב־ראַנד
שאַפט א פאַרבאָרגענע האַנט...

פרוש:

מיט טרויער דער הימל פאַרצויגן...

היימישער דיכטער:

נעפּעלעך גרויע שפּינט זי,
פּעדימלעך רויכיגע בינדט זי
נעצן, נעצן שטריקט זי...

פרוש:

אויף נשמה'לעך—שטערן!
לעשן זיך הימלישע אויגן!

היימישער דיכטער:

ציטערט די לבנה
זילבערן גאַנץ...
טריפן די שטערן
א גאָלדיגן גלאַנץ...

פרוש:

טרערן, טרערן!

היימישער דיכטער:

ווייט און ברייט...

פרוש:

די קליפה איר נעץ פארשפרייט...

היימישער דיכטער:

שטערנדלעך לעשן זיך,
שרעקן זיך, וועקן זיך...

פרוש:

ווערן פון קליפה געפאנגען...

(אזוי געשעט)

היימישער דיכטער:

שלאפט איין מארק און שטאט!
גאט, העלף אין דיין גענאד!

בדחן:

(מיט באהאלטענער פרייד)

אונטערגעגאנגען! אונטערגעגאנגען!
בלינדע הייזער, שווארצע פענצטער.

היימישער דיכטער:

א נאכט פאר געשפענסטער.

פרוש:

און פאר שגעון!

ד י כ ט ע ר:

(אָפּגייענדיג, צום בדחנ׳ס שטילער פרייד, מיט׳ן לעמפל)

ביז עס קרייעט נישט דער האָן,
וועכטער, וואך!
קיין אויג פאַרמאַך!

(אָפּ).

פ ר ו ש:

א שוידער דורך די לופטן ציט...

(אָפּגייענדיג אין קלויז אַריין)

היטער, היט!

(אָפּ).

נאַכט־וועכטער:

(וואָס איז שוין געזעסן, אָן א וואַנט אָנגעשפּאַרט)

כ׳קען נישט מער!

(מיט א בליק צו דער שול, דערנאָך צום קלויסטער)

זאָל היטן ד י אָדער ד ע ר!

(די שילד־אויפשריפט פון שענק לעשט זיך)

עס לעשט זיך אויך פון שענק די שילד...

(איינדרימלענדיג)

דער קאָפּ—שווער, די ברעמען שווער...

(שנאָרכט)

ב ד ח ן:

(מיט דער פויסט צום הימל)

דיין עבנבילד!

**(פאָרהאַנג)**

## צווייטער אַקט

(ערשטע פֿאָרהאַנג; שמאָלע סצענע)

לעקטאָר:

נאַכט!
פון זינען אַראָפּ אַ ליץ;
ער איינער וואַכט!
וועט כשופ'ן דער אַלטער געץ,
אין זיין לאַנג־פארגעסענער פּראַכט...

וועט זיין אַ שפּיל פון שאָטן־שפּריצן,
פון פיבער־קראַנקע־אויגן־בליצן!
טויט צעשראָקן איז דאָס האַרץ!

די נאַכט איז וויסט;
די נאַכט איז טויב־שטום און שוואַרץ...
פון ערגעץ אַ בייז געלעכטער שיסט,—
צאַפּלט דאָס פאַררוקט־
פיבער־קראַנקע האַרץ,
אין בייזע חלומות פארשטריקט!
און טויט־מיד...

און פון ערגעץ קיין הילף אין דער נויט!
ערגעץ אַמאָל רויזן געבליט,
זיי וועלקן!
ליליען און נעלקען—
טויט!

מיט דער פויסט געגן הימל געשטרעקט,
שגעון לעסטערט, און וועקט
פון נאַכט־פארשלייערטע געצעלטן
אַלטע, לאַנג־פאַרפאַלענע וועלטן...

(אָפּ. צווייטע פאָרהאַנג)

בדחן:

(קניט פאַרן שלאָפנדיגן נאַכט־וועכטער, נעמט אים אַראָפּ
דאָס פייפערל פון האַלז, טרעט אָפּ צום געץ צו)

ע, דו, אַלטע גרויל!
עפן ד'אויגן, עפן ס'מויל!
דיין גירינג ליכט פּלים,
דיין וואסער גים...
דער הימל—פאַרמאַכט!
עס איז אונזער נאַכט! אונזער נאַכט!

(שטיינבילדער קומען אין שרעקיגער באַוועגונג)

א ריטער:

ער וועקט דעם געץ!

א גלח:

וועקט אומזיסט!
דער גלאָק איז גרייט!
פון אויבן שיצט זיין הייליגקייט!

(דער געץ וועקט זיך, טוט דעם בדחנס ווילן)

בישאָף:

(פון טורעם אַראָפּ)

עס איז די צייט פון אנטיקריסט!

בדחן:

(גרינזט, נעמט דאָס פייפערל צום מויל, בלאָזט אין אַלע פיר
זייטן, אין דער לופט אַריין, צום הימל אַרויף)

מאָרגן קענסטו שטראָפן!

נאָר כל זמן דו וועסט שלאָפן
בין איך דאָ פעלד־מארשאַל!
און איך וועל פירן!
העי, פון אַלע נאַכט־קוואַרטירן,
פון פעלד און וואַלד,
פון הייל, ריץ און שפּאַלט,
פון כף־הקל,
קום, שאָטנדיק געזינדל,
פון טרוים,
שוים
צוזאַמענגעוועבט!
זיין ליבן נאָמען׳ס היילינער שווינדל...
אַלץ, וואָס טויט און גלויבט, עס לעבט...
געזונט זייט מיר און שטאַרק!
קומט צום אַלטן מאַרק, צום אַלטן מאַרק!
קומט, איך וועל קאָמאַנדירן!

א ריטער:

(עמפערט)

אין אונזער לאַנד!

א צווייטער:

שמאַך און שאַנד!

בדחן:

גאָט׳ס וועלט וועל איך פירן!
לאָז איך מיך נאָר וואוהין דערמאָנען.

(דערזעט צווישן די געקומענע שאָטן דעם וואַסער־טרעגער)

וואָס וויל דער מיט די קאַנען?

וואַסער־טרעגער:

(ווי שפּעטער אַלע שאָטן, פון בדחן פיקסירט, שטעלט זיך אָפּ)

גרויסע היצן, שטאַרקע היצן!
און אין בית־המדרש זיצן
לומדי תורה, און זיי שוויצן,
קלעפּט צום גומען זיך די צונג.

(איילט צום גען, שטעלט אונטער דעם וואַסער־שנירל א
קאַן אָן א דנאָ)

באַלד, באַלד!
כ׳גיב א שפּרונג!
כ׳ברייננ אייך וואַסער, פריש און קאַלט!
כ׳וועל אייך מים חיים געבן!

בדחן:

און משיח׳ן דערלעבן
אינ׳ם זכות פון פרישן טרונק!

(וואַסער־טרעגער, צעשראָקן,אָפּ)

א גלח:

(פאַרגלאָצט צום הימל די אויגן)

מאַך קלאָר, שעפּעלע ריין,
דעם איינגעשפּאַרטן!
זאָל ער נישט וואַרטן,
פּאָטער דו מיין!

חאַליץ־העקער:

(פון בדחן פיקסירט)

דער פראָסט איז גרויס...
יתום׳עלעך נאַקעט און בלויז;
נישט געהייצט די תלמוד־תורה...
איך זע אייער פיין און אייערע טרערן...

(שטעלט זיך האַקן אין דער לופט)

באַלד, באַלד,
כ׳ברענג אייך האָלץ, האָלץ פון וואַלד...
אָט א שייט! נאָך א שייט!
און עס וועט וואַרים ווערן!

בדחן:

און וויל דערפאַר, קומט די צייט,
דעם משיח׳ס שופר הערן!

א גלח:

(אויפגערעגט)

פאַלשע רייד, דומע רייד!
לאַנג געבלאָזן די טראָמפּייט!
לאַנג שוין אויסגעלייזט די וועלט!

צנועה:

(ווי די פאָריגע)

נישט עס האָט זיך מיר פאַרוועלט,
חלילה!
נישט צוליב מיין מאַן אפילו
גיי איך טבילה
אין אַזאַ נאַכט,
אין אַזאַ קעלט...
בענטש־זשע, גאָטעניו, מיין טראַכט...
און די לענדן פון מיין יואל...

בדחן:

זאָל פון זיי אַרויס דער גואל!

צנועה:

(אָפּלויפנדיק מיט פרייד)

אוי, איז מיר גוט! אוי, איז מיר וואויל!
אַזאַ כשר בת־קול געהערט...
ס'איז אַזאַ גרויסער גאָט פאַראַן...
לויף איך זאָגן די בשורה מיין מאַן!

צוויי שמייסער:

(מיט לאַנגע בייטשן צוקנאַקנדיק)

ערשטער:

א קבלה פון מיין זיידן:
ווילסטו האָבן א געשפּאַן, —
האָבער — ווי קריסטאָל!

(א קנאַק מיט דער בייטש)

צווייטער שמייסער:

לאָז אים רוען אין גן־עדן!
דאָס איז אַלץ געווען אַמאָל...
איך גיב קלייען, איך גיב מאָסאָך,
און זיץ איך אויבנאָן און קנאַק איך —
איבער בערג און טאָל!
גוטע וועגן, שלעכטע וועגן....

בדחן:

און—משיח'ן אנטקעגן!

(שמייסער, צערודערט, איילן צום קלויסטער־געסל)

מקובל:

(רופט זיי נאָך)

אויפ'ן יריד?
וואָס ניט?
נעמט מיך מיט, נעמט מיך מיט!
כ'האָב נוטריקון און לפ"ק'ן
און איך מוז דעם תשבי פּאַקן — —

(אָפּ נאָך יענע)

בדחן:

אויף משיח'ן פּרעגן!

קרעמער:

(אין דערזעלבער ריכטונג ווי יענע)

— וואו שטייט דען די בויד?
— וואו זיינען די וועגן?

(אן אָפּגעשטעלט ראָד)

— ווי טייער איז קרויט!
— לאָז נאָר זיין רעגן....

(אָפּ).

(עס קומען אָן: א דיקער באַלעבאָס אין באַגלייטונג פון צוויי מאָגערע אָרימעלייט)

באַלעבאָס:

קענט איר מיין הויז?

א מאָגערער:

א שפּאָס!

דער צווייטער:

א האַלבע גאַס!
אייזערנע ווענט!

דער ערשטער:

און דער פונדאַמענט?!

באַלעבאָס:

ביז'ן נאָפּל פון דער ערד!
אויפ'ן בוידעם—ווייץ, אין קעלער—י"ש...
און אַלע פּריצים אין דער טאַש...
און—איר הערט?
די וועלט איז  א ו י ך  א וועלט!
נאָכ'ן מרחץ—א גלעזעלע מעט!
נאָך הבדלה, אויב נישט שפּעט
קומט דער חזן, זינגט ער זמירות...
און מיין סוכּה... מיינע דירות!
און טראָג מיר ליפּציגער גרעט
שמעק מיר פראַנצויזישן טאַביק...

בדחן:

שטאַרב!

(באַלעבאָס וואַקלט זיך צום פאַלן)

ערשטער מאַגערער:

ווי עס בייט זיך אים די פאַרב!

צווייטער מאַגערער:

(דעם דיקן באַלעבאָס אונטערכאַפּנדיג, אין מאַרק אַריין)

א מעבר־יבוק! געשווינד א מעבר־יבוק!

(אָפּ. עס באַווייזן זיך):

משכילים:

(לעזנדיג די שילדן אין מאַרק)

— אוועק די צייטן די ווילדע!
— ערשטע גילדע... צווייטע גילדע!
— אדוואָקאַטן און דאָקטוירים...
די צייט גייט נישט צוריק...

(באַמערקט דעם רויטן פאַבריק־דאַך)

— און דאָרט וואָס איז? זע נאָר, זע!

פאַרהונגערטער אַרבעטער:

(אויפשפרינגענדיג)

חמורים!
ס'א פאַבריק,
וואָס ציט אַרויס די קליי!

(משכילים, צעשראָקענע, אָפּ. עס קומען אָן אַרבעטער, וואָס גייען צו דער פאַבריק צו, געפירט פון געהאנגענעם, מיט'ן שטריק אויפין האַלז; הינטערשטעליג בלייבט די בלינדע זע־צערין. הינטער איר לאָמט־צו דער אַרעסטאַנט אָן א פוס)

דער געהאַנגענער:

אין דער הויך, אַז מען קומט אַרויף,
נאָך מער געטראַכט!
די אויגן אויסגעגלאָצט—
דעקט זיך פאַר אייך אויף
די וועלט, די גאַנצע וועלט...

(אָפּ צו דער פאַבריק)

בדחן:

(צו דער בלינדער זעצערין)

האָסט דיך אָפּגעשטעלט?

בלינדע זעצערין:

בלינד! וואָס מיר איז געשען?
יאָרן־לאַנג אַ זעצערין געווען...
אין אַ פינצטערן קעלער־טיף...
פאַרשטייסט? קאָנספּיראַטיוו...
און אָן אַ בלייס... און פּיצעלע שריפט,
און דער שטויב פון בליי איז גיפט...
מוז מען די אויגן פאַרלירן...

אַרעסטאַנט אָן פּוס:

(אונטערגעקומען, נאָך אַ בליק פון חשד אויפן בדחן צו דער בלינדער, וואָס ער נעמט אונטער די אָרים)
קום, איך וועל דיך פירן!

בלינדע זעצערין:

הינקסט?

ארעסטאַנט אַן פּוס:

— — — פארגעסן?
צוועלף יאָר אין קייטן געזעסן!
א פּוס געפּוילט, אראָפּגענומען,
מיט א מעסער, ווי א זעג!
נישט צו קבר ישראל געקומען!
אָבער פאַרווערטס גייט דער וועג....

(א דורכגעשאָסענער הוזאַר טרעפט דעם געקעפּטן גאַרבער,
וואָס בלאָנדזשעט אַרום מיט׳ן קאָפּ אין די רויטע הענט)

הוזאַר:

ביזט אויף מיר בייז?

(נעמט, אַז יענער ענטפערט נישט, אים דעם קאָפּ פון די הענט
אַרויס, שטעלט אים צורעכט אויפ׳ן אַקסל, פרעגט נאָך
אַמאָל, העכער)

— — — ביזט אויף מיר בייז?

גאַרבער:

(שטאַמלט מיט דער צונג)

איך... איך... איך ווייס?
און—פאַרוואָס?

הוזאַר:

א פּאַקט!
דאָס האָב א י ך דאָך דיר אָפּגעהאַקט
דעם קאָפּ...

גאַרבער:

פאַרוואָס?

הוזאַר:

פאַר דאָס!
האָסט א רויטע פאָן געטראָגן אין גאַס!
איז געווען א פּריקאַז:
„קאָלט געווער!"...
אָן א קלער,
פאָלגט דעם זעלנער'ס האַנט...
האָט דיך נישט פאַרדראָסן?

גאַרבער:

נישט געזען, ווער...

הוזאַר:

דערנאָך—האָט מען מיך געשאָסן,
קוים געקומען צום פאַרשטאַנד...

גאַרבער:

(דערפרייט)

אַלזאָ—גענאָסן!

הוזאַר:

האַנט אָן האַנט!

(ביידע אָפּ).

בדחן:

(אַליין בלייבנדיג, אנטוישט)

**און געברומט,**
**קיין וואָרט נישט דערמאָנט!**
**עמיץ גייט... עפּעס מיר באַקאַנט...**

**חזן:**

**(צוגעקומען)**

**דער עמוד—א גולם!**
**ארום—דער בייכיגער עולם—**
**פי!**
**ס'פאָרהענגל פון די זיסע עינים...**
**גייט שוין:**

**(זינגט)**

— — — — גדי,
קשור ידים,
ברכות לישא־אָ־אָ...

**געפרוירענע:**

(פון ווייטנס פאַרבייגייענדיג)

או, או־או־או! או־הו־הו!
אוי, ווי איך פריר,
וויי צו מיר, וויי צו מיר...

(פון בדחן און חזן פיקסירט, פון ווייטנס אָפּגעשטעלט)

ער האָט מיר די נשמה פארקילט!
עס ציטערט אים די האַנט,
רעדט ער, שיט זיך א זאַמד
פון הוילן מויל...
פויל;
מען האָט אים פון קבר געפילט...

די אונטערשטע ליפּ אראָפּגעלאָזט...
אַן אייביגער פראָסט...
אַ גרויל!

(אָפּגייענדיג)

אוי ווי איך פריר,
ווי צו מיר, ווי צו מיר...

חזן:

(צום בדחן)

זי לעבט?

בדחן:

גלייך מיט דיר!

(מיטליידיג)

איך וויל מיט דיר נישט שפּילן...
ניי!

חזן:

— — וואוהין?

בדחן:

(צו דער שול ווייזנדיג)

אהין!
גיי אהין און פריף...
כורעים פאַל, בויג זיך טיף,
אין האַרץ זיך שלאָג...

וואָס מען דאַרף זינג און זאָג...
מיך לאָז אַליין...

(חזן אָפּ צו דער שול) ·

שמש:

(אַרויסקומענדיג פון הינטערגרונט־געסל, צו דער שול גייענדיג)

אין שול אַריין, אין שול אַריין!
נשמות הקדושים מזכיר זיין!
די דערטרונקענע, פאַרברענטע,
די געפייניגטע, געשענדטע...
אין שול אַריין, אין שול אַריין!

(אין מאַרק הויבן זיך צוריק אָן צו זאַמלען די שאָטנס, קוקן, וואַרטנדיג אויף א באַפעל פון בדחן. אויפין גאַניק קומען אַרויס אַלטע אידן מיט סידורים און ברענענדע וואַקסענע קערצן אין די הענט; נאָך זיי—די קרעמער מיט פיס־בענק־לעך פאַר זיך און פאַר יענע; זעצן זיך)

חצות:

זע גאָט, ווי אונז איז דערגאַנגען
זייט דו האָסט דיין פנים אָפּגעווענדט!
אונזערע זין—געפאַנגען,
אונזערע טעכטער געשענדט...
דו האָסט דיך, אין גערעכטן צאָרן,
פאַר אונז מיט וואָלקן זיך פאַרצוימט!
און דער ים פון רשעות שוימט...
קהלות חרוב ונחרב געוואָרן...
שולן פאַרברענט...
תורות געשענדט...

פֿאַרהונגערטער אַרבעטער:

(שפּרינגט אויף)

געבענטשטע הענט!
אַלץ וואָס דריקט,
שטיקט,
אַלץ וואָס פֿינצטער מאַכט און פֿאַרריקט...
אַלץ, וואָס דעם רויב
פֿאַרהייליגט און פֿאַרגעטערט,—
מוז ווערן צעשמעטערט!
אויף שטויב!

בדחן:

„שטויב!"
איז דאָס דאָס וואָרט?

(באַמערקט די שאָטן וואָס לאָזן זיך צו דער שו[illegible])

נישט פֿון אָרט!
איך בין פֿעלד־מאַרשאַל, נישט ער!
וואָס הערט איר דעם נאַרישן אַלטן?
איר זייט מיין מיליטער,
פֿאַר אייך האָב איך געוועהר
דאָ ערגעץ באַהאַלטן...
פֿאַראַנען,
נישט ווייט פֿון דאַנען
כ'וועל מיך נאָר דאָס אָרט דערמאַנען!
לאָזט מיך קלערן אַ ווייל!
איר דערווייל:
מאַרשירט!
עקזערצירט...
אין גליד און ריי...

איינס... צוויי! איינס... צוויי!
מיך לאָזט קלערן איין אויגנבליק
וועגן שטויב...

(אַז עס גייט שלעכט)

א, אייך פעלט מוזיק?
גוט.. איך רוף אייך אַרויס!

(צום געץ)

גרויל! שפּיי די קלעזמער אויס!

(צו די קלעזמער, וואָס שפּרינגען פון ברונעם אַרויס, נאָס און מיט גראָז פאַרוואָקסן, שנעל ווישנדיג די אינסטרומענטן)

העי, חברים, רויש און קנאַל!
א מאַרש געשפּילט צום גרויס־געפּעכט!
נישט קיין נאַכט ווי אַלע נעכט!
נישט קיין חתונה, קיין באַל!
כ'האָב דאָ א באַפּעל געלייענט!
פאַראַן — א פיינט!...

(פון שול קומען טרויעריגע חצות־קלאַנגען, וואָס מישן זיך מיט'ן חצות פון גאַניק און צעגיסן זיך אין א יאָמערלעך געוויין)

בדחן:

(ווערט אומרואיג)

אָבער ווער וויינט? אָבער ווער וויינט?

(די קלעזמער פאַלן אַריין אין חצות־נגון)

פּרוש:

די שול וויינט און קלאָגט!

זי זאָגט:
ווײ צום פאָטער, ווײ,
וואָס האָט זײן זון פאַרטריבן,
און—עלנט געבליבן...
און ווײ, ווײ
צום זון, פון פאָטער׳ס טיש פאַריאָגט...

צעשראָקענע שאָטן־שטימען:

— די שול װײנט!
— די שול קלאָגט!

(אויפן קלויסטער)

— עס שרעקט זי דער פײנט!
— שטײט צעשראָקן און בלײך...
— יענער שיסט אַרויף אין דער הויך!

פיל שטימען:

— מיר זײנען דאָ צו שפּאָט און שאַנד!

(פלאַמט פּלוצלונג אויף דער נײער שטאָק אויפן אַלטן הויז,
דרײ רעדנער שפּאַרן זיך פון דרײ פענצטער אַרויס)

ערשטער רעדנער:

זוכט א לאַנד!

צווייטער רעדנער:

פאַרלאַנגט א סעים!

ערשטער רעדנער:

ניין, א היים! א נײע היים!

נאָך פון בייזן נישט געשענדט,
נאָך פון בלוט נישט באפלעקט...

דריטער רעדנער:

די אַלטע מאַמע וויינט און שטרעקט
צו'ן אירע קינדער אויס די הענט!

(דער הונגעריגער אַרבעטער שפּרינגט אויף; אויף זיין שטים זאַמלען זיך צוריק די אַרבעטער)

פאַרהונגערטער אַרבעטער:

פאַרשטימט, אַלטע גרילן!

(דער שטאָק לעשט זיך, רעדנער פאַרשווינדן)

עס וועט געשען אונזער ווילן!
עס גייט דער נייער העלד
אויף אייער גאָט! אויף אייער וועלט!

בלינדע זעצערין:

איך הער זיין שטים פון וויטן!

געהאַנגענער גאַרבער:

פון דער הויך זע איך אים רייטן
אין פולן גאַלאָפּ!

געקעפּטער גאַרבער:

אמת, נאָט אייך מיין קאָפּ!

(כאַפּט אים אַראָפּ, וואַקלט זיך פאַרלוירן, אָפּ. געלעכטער, פון דער אַנדערער זייט—צאָרנדיק געברום)

היימישער דיכטער:

(מיט אימפּעט פון שטוב אויפן גאַניק אַרויס)

נישט געלאַכט! און נישט געברומט!
ער גייט דער נייער מענטש, ער קומט!
דונער—אין מויל; אין ד'אויגן—בליצן...
ער וועט קומען און באַשיצן
פאַר פרעמדע הענט און אייערע הענט...

בדחן:

וואָס?

היימישער דיכטער:

(שטאַמלט, אויף דער שול ווייזנדיג)

— — די מויער! די הייליגע ווענט!

(צוריק עקסטאַז)

עס גייען טעג, גרויסע טעג...
הנה ימים, ימים באים —
גרויסע העלדן—שוין אין וועג!

בדחן:

געקומען! אין חורבה פאַרשטעקט!

(צו דער חורבה רופנדיג)

העי, גבורים! השמונאים!
ווערט אנטפּלעקט!

(די חורבה הילט זיך איין און א טויטלעך־בלאַס־בלוילעכן שיין. אין דעמזעלבן שיין איינגעהילט קומען, זיך אומזיכער וואַקלענדיג אַרויס—די)

קדושים:

(און נעמען, זיך קלאַגנדיג און, אין איינוועגס, לויבענדיג, די ריכטונג צו דער שול)

— אָפּגעריסן אַלע ריפּן!
— און געלעכערט ווי די זיפּן!

בדחן:

(געשפּעט)

גרויסע טעג! הויכע טעג!
העלדן—גאָר א נייער מין!

קדושים:

— מיר צייכענען מיט בלוט דעם וועג...

בדחן:

וואוהין?

א קדוש:

(אַלט־נאַריש־שמייכלענדיג, ווען אַנדערע פאַרשטומען)

קנאַקעלעך פאַלן ווי האָגל...
איך—מיין סעפּעלע וואָגל
אהין, אהער; דערלאַנג צום קנאַק—
די רעכטע באַק, די לינקע באַק!
טיק־טאַק! טיק־טאַק! טיק־טאַק!

היימישער דיכטער:

(זיך דאָס געזיכט פאַרשטעלנדיג)

וואָס דאָס האָט איבערגעליטן!

בדחן:

אָבער וואָס באַשטריטן?

פּרוש:

ווייט און ברייט
איבער דער וועלט געשטרייט
פון דער גאולה דעם הייליגן זאָמען...
זיין ליבן נאָמען
געהויכט און געקרוינט!

בדחן:

און ע ר וואָס האָט דערמיט געמיינט?
דער, וואָס האָט איך אויסגעווײלט?
איז עס געווען זיין שטראָף?
האָבן אים וואונדער פאַרפעלט?
פאַרוואָס זאָגט ער נישט: האַלט!?

א שטימע פון שול אַרוים:

און גאָט דעם הימל שפּאַלט!
ענטפערט אַרוים פון געוויטער:
מאַן,
וואָס דיין וועג איז א שפּאַן!
דיין צייט—א ברעמען־ציטער!
און גאַרטלסט אונטער דיינע לענדן,
זיך צו מיר צו ווענדן,
מיך צו פרעגן און צו פריפן...
דו ווילסט מיינע צייכן לעזן?

קענסטו דעם אָפּגרונט דעם טיפן?
וואו ביזטו, מאַן, געוועזן,
ווען מיין מעכטיגע האַנט
האָט דעם הימל געשפּאַנט?

וואו ביזטו געוועזן, צווערג!
ווען איך האָב געהויבן די בערג,—
ווען איך האָב באַפעסטיגט די ערד,
און איך האָב איר מאָס און וואָג באַשערט
און אַרומגעצוימט דעם ים?!

קלויסטער־גלאָק:

(פאַלט צאָרנדיג אַריין)

בים־באַם! בים־באַם! בים־באַם!

(די שול לעשט זיך, פאַרשטומט. שאָטן צעלויפן זיך. נתן־שכוו שפּרינגט אויף. בדחן פאַלט אויפן פּנים מיט די הענט איבערן קאָפּ, זיך שיצנדיג פאַר די קלעפּ פון דער הויך)

שטיינבילדער:

(כאָר)

קלינג־קלאַנג! קלינג־קלאַנג!
עס קומט זיי שוין לאַנג! עס קומט זיי שוין לאַנג
א נקמה אין שונא דערלעבט!
אין די לופטן ווי מעכטיג ער שוועבט.
און באַטייבט,
און צעטרייבט...

(אימיצער באַווייזט זיך צוריק פון הויז, וואו ער האָט אַריינגעפירט דאָס נאַכט־מיידל. דער גלאָק און שטיינבילדער כאָר —פאַרשטומען. דערשטוינטע שאָטן קומען פאַמעלעך צוריק. בדחן הויבט אויף לאַנגזאַם דעם קאָפּ)

אימיצער:

איך האָב געהערט אייער שרעקיג ברומען,
און בין געקומען

צו אייך, שרעקיגע און טריבע,
אויף די פליגל פון דער ליבע!
איך האב א הייליג לייב פארצערט!

שטימען:

הערט! הערט!

אימיצער:

גליקזעליגקייט געטרונקען,
געטלעכע צויבער־פונקען
פון נאכט־שווארצע אויגן!
כ'קום צו אייך, ווי אן אדלער געפלויגן!
נאכט און נעפל פליען פאר מיין בליק,
זונען פארזונקענע רוף איך צוריק,
זומערן פארוועלקטע—בליען!...
פעלזן וועל איך אויף בייטן צעאקערן,
מאנען פלאמענדיגע גליען!
ליליען—שטראלן; רויזן—פלאקערן
אויפ'ן וויסטן פעלדער־גאל!
כ'וועל פאר'שכור'ן בארג און טאל
מיט גערוך און צויבער־קלאנג,
מיט געטלעכן געזאנג!
וואונדער, וואונדער וועל איך מאכן!

(פלוצלונגער איינפאל)

הער, מזרח, מערב, צפון, דרום!
זאלן זיך עפענען קברים!
זאלן די טויטע דערוואכן!

(מיט איבערמענטשלעכער שמים)

אויפערשטיין! אויפערשטיין!

שטיינבילדער:

(אומרואיג)

וועל'מיר זען! וועל'מיר זען!

(בדחן נעמט דאָס וועכטער־פייפערל צום מויל; בלאָזט דריי מאָל. עס קומען אַרויס קולות פון א שופר: תקיעה, תרועה, תקיעה. אין דער לופט, נאָכ'ן וועג, וויקלט זיך אין דער הויך פון נעפל אַרויס א בית־עלמין, מצבות הויבן זיך אָן אָפּצורוקן, מתים—אַרויסצוקריכן)

פרוש:

(אַרויסקומענדיג פון קלויז, צום בית־עלמין פאַרקוקט)

לינד

הויבט מיך אויף פון גאָט א ווינט
און טראָגט מיך צו'ן א טאָל!
און דער טאָל איז פול מיט ביינער.
די ביינער זיינען—טרוקן, גאָל...
עס באַווייזט זיך מיר נישט קיינער.
דאָך איבער מיר פליגל שוועבן...
און א שטים, פון פידל ריינער,
פרעגט, צי קאָן דאָס לעבן?
און איך ענטפער דרייסט:
גרויסער האר, דו איינער ווייסט!...
כ'זע דאָך דיינע וואונדער טעגלעך!

בדחן:

(אויפשפרינגענדיג)

אלץ איז מעגלעך,
ווען איך וויל, וואָס עמיץ הייסט!

(אויפ'ן בית־עולם—באַוועגונג)

(פאָרהאַנג)

# דריטער אַקט

(ערשטע פאָרהאַנג)

**לעקטאָר:**

די לעגענדע פארציילט
— איר גלויבט אזוי גערן! —
מענטשן, פון לעבן געקוועלט,
נישט שטארק, נישט דרייסט
זיך צו שיצן און צו ווערן,
אָ, די אַלע זוכן אין איר זייער טרייסט!
ווילן—(די געפאר איז גרויס!)
אין איר שאָטנדיגן שויס
די קעפּ באהאַלטן...

אָן זון, אָן ליכטיגע שטערן,
דאַרשט דאָס אויג נאָך טרוים־געשטאַלטן;
און דאָס אויער לעכצט צו הערן,
נאָר פון אַלטן, גרויען אַלטן,—
וואָס די לעגענדע פארציילט...

די לעגענדע פארציילט — —
דאָס לעבן אויף טרוימען פארביטן!
איר פעלד נישט געזייט, נישט געשניטן,
אין גאָרטן—קיין איינציגע פרוכט זיך גילדט!
שאָטן־בלומען, קרענקלעך־בלוילעך־ווייסע שפּראָצן, —

מיט זיסן גיפט פאר קאפ און הארץ!
און פון אונטן, פונ׳ם אפגרונט־שווארץ,
רעטעניש־אויגן קוקן און גלאצן...
מענטש צי טיר? אדער געטער ווינקען?
און דעם האשיש גלוסט זיך טרינקען!
די לעגענדע, וואס פארציילט!
און וואס זי פארציילט, הערט

אלץ צעשמעטערט און צעשטערט,
זעלן ביז צו וואנזין געקוועלט!
לייבער מיט גיפטיגע שלאנגען געדראשן!
און אויבן, אויף דער העכסטער הויך,
גייט אוים, בלייכט זיך, ווערט פארלאשן,
דאס טיר מיט די גאלד־שטראלנדיגע האר,
מיט אויגן־קלאר,
ווי די קלארסטע שטערן;
מיט דער אויפשריפט אויפ׳ן שטערן:
„וואר!"
וועלקט, פארבליט,
ווערט ווי אין נעפל צעשטרייט...
און פון אפגרונט ארויף ציט
איר פארבייט—
א גרוי־וואלקן־שווערער לייב—
אויף זיין נאכטיגן שטערן גליט
די אויפשריפט: „גלויב!"
אין פינצטערניש און נאכט
די לעגענדע וואכט...
און דער טויט דערוואכט!
ס׳ווערן קברים אויפגעמאכט,
אין קיטלען, אין טליתים
קומען ארויס—מתים...
אן גערויש, אן קלאנג,

אין שול אריין—דער גאנג,
דאַוונען און לייענען...
אויף זיך, אויף גלות השכינה צו וויינען...
מתים—א מורא!
זייער לייענען—א סכנה!
רופט מען וועמען צו דער תורה,
זאָגט דעם ווייב, ז'אַן אלמנה...
זאָלן מיידלעך—יתומות קלאָגן
לערנט די אינגלעך קדיש זאָגן...
אויב א בחור,—פאַרשניטן!

(די צווייטע פאָרהאַנג גייט אויף; לעקטאָר אין צאָרן אָפּהענטיג))

פונקט אין מיטן! פונקט אין מיטן!

(צווייטע פאָרהאַנג)

(נאכט. מתים גייען שוין פון בית־עלמין אין שטאָט אריין, באַווייזן זיך אין הינטערגרונט־געסל. פאַרן צוים פון בית־עלמין וואַקלען זיך, נישט האָבנדיג קיין מצבות זיך אָנצו־האַלטן — דער מ ס ו ר, מיט דער אויסגעשניטענער צונג אין דער האַנט, און דער ק צ ב, וואָס האָט געגעבן טרפות צו עסן, מיט אן איבערגעהאנגענער לונג־און־לעבער אויפן האַלז. אַנדערע קריכן ערשט פון די קברים אַרויס, רייבן זיך די געבלענדעטע אויגן, קוקן זיך די ביינער אויס. פון א שותפות־קבר הויבן זיך די בראָדער זינגער אין געפעכטע זעק, שעמען זיך אָן תכריכים אַרויסצוקומען אין מיט בית־עלמין. אויף בערגל שטייט דער גרייז, מיט דער פלאַכער רעכטער האַנט די אויגן פאַרשטעלנדיג, זיך אין אַלע זייטן אומקוקנדיג, זוכנדיג א צייכן אויף הימל און ערד).

בדחן:

(צום געץ)

פלינק,
דיין צויבער רינג!
גיב שטראַלן בלוטיג־רויטע—
עס גייען די טויטע!

(צו די שאָטן)

און איר, וואָס גלויבט, אז איר לעבט,—
אָפגעשוועבט!
אנטרינט,
אויף די פליגל פון ווינט

פארשווינדט!
אויף אייערע נאכט־קווארטירן!
ווער ווייסט, וואָס דאָ קען פּאסירן...
אז פון אלע עקן
שווימען אָן טויטע...

ארבעטער:
געפונען ועמען צו שרעקן,
מיר זיינען רויטע!

משכילים:
און מיר גלויבן באלד...

געפרוירענע:
(וויל נישט אָפּטרעטן פון רויטן ליכט)

און מיר איז קאלט, אזוי קאלט...

(אַרבעטער, משכילים און געפרוירענע בלייבן; אנדערע
פאַרשווינדן)

אימיצער:

(פאַר זיין אייגן וואונדער אנטזעצט)

זיי גייען אהער, זיי קומען אהער!
און זיי וועלן פארלאנגען באשייד...
געוועזן רייד, הוילע רייד...
איך בין לער, איך בין לער...

(אנטלויפט אין קלויסטער־געסל אַריין)

גרייז:

(רופט אויס)

א שרעקלעכע נאכט...

עמיץ האָט א שווארצע קוניץ געמאכט...

(מתים בלייבן אומשליסיג; דער בדחן שטעלט זיך שטראָם אויף, פיקסירט לאַנג דעם ציפערבלאַט פון שטאָט־זייגער, די ווייזער הויבן זיך אָן קריצנדיג צו באַוועגן; ער ציילט, דער זייגער שלאָגט אים צאָרנדיג נאָך; צווישן ציילן און שלאָגן פאַלט אריין דער פרוש)

בדחן:

איינס... צוויי...

פרוש:

געוועזן נסים אַלערליי...

בדחן:

(אומגעדולדיג)

דריי...

פרוש:

די גוטע צייט; זיינען פארביי!

בדחן:

פיר...

פרוש:

פארמאכט פאר אונז טוי׳ר און טיר...

בדחן:

(פון געדולד אַרויס, אויסערײַילנדיג)

פינף... זעקס... זיבן...

(מוז דאָך אָפּוואַרטן די שלעג)

פּרוש:

מיר זיינען יתומים געבליבן...

בדחן:

אכט... ניין,,—

(דעם פּרוש צואוואַרפּנדיג)

מען מוז זיך העלפן אליין!

פּרוש:

א שעפּעלע צווישן וועלף!

בדחן:

(צאָרנדיג)

עלף! צוועלף!

(מתים גייען אנטשלאָסן צום מאַרק, אויסער גרייז)

העקער־יונג:

כאַפּט אָן דעם מסר)

משיח וועקט?

(טרייסלט אים)

זאָג!

גרייז:

משיח וועט וועקן בייטאָג,
צונד איז נאכט, שטאָק נאכט,
עמיץ האָט א שווארצע קונץ געמאכט...

מען זעט
אויף הימל און ערד קיין צייכן...
שטייט!

(נאָכרופנדיג די מתים, וואָס פּאָלגן נישט)

עס וועט אייך דערגרייכן
גאָט'ס האַנט...
איר גייט בלינד,
איר זייט ווינט,
שנײַדן וועט איר שאַנד!

(צוריק אין גרוב אַריין, וואָס ווערט פון דער מצבה פאַרדעקט. די מתים גייען ווייטער. וואָס נעענטער צום מאַרק, דערמאָנען זיי זיך אַלץ מער און מער שטיקלעך, מענער—פון דאַוונען, פון תהלים; ווייבער—פון תחנות, פאַרגעסן אָבער באַלד און האַקן אָפּ)

א מת:

(אין געסל)

אשרי יושבי ביתך עוד...

א מתה:

(תחנה־לשון)

כ'וויל דען מער ווי טרוקן ברויט?...

א מת:

(עבודה ניגון)

וה־כה־נים, וה־עם...

א אינגל:

(אונטערטאַנצנדיג)

נס גדול היה שם...

א מת:

(צום מאַרק קומענדיג)

זאָל מיך גאָט נישט שטראָפן,
דער אַלטער מארק!

א מתה:

(אַריינקוקנדיג אין א פענצטער)

מיינע עופה'לעך שלאָפן

(בענטשנדיג)

געזונט זייט מיר און שטארק...

א צווייטע:

ווי זי האָט די אויגן פאַרגלאָצט!

א דריטע:

(זיך פאַרטראַכט, אָפּווענדנדיג פון א פענצטער)

ר'האָט זיך שוין געטרייסט! שוין געטרייסט!

א מת:

(גייענדיג צו דער שול, פאַרגעניגט)

מען וועט דאַוונען... מען וועט לייענען...
א ביסל זיך צעקלאָגן.

א מתה:

ווער האָט כח צו זאָגן?
ווער האָט כח צו וויינען?

א צווייטער מת:

מיר איז אַלץ ארויס פון מח...

א דריטער מת:

אַלץ צעשאָטן, ווי א זאמד!

אַן אַלטער:

(מיט בטחון)

די שול דערמאנט!
אַלע האָבן אין איר א חלק!
זי איז הייליג!

מתים און מתות:

(נאָכזאָגנדיג און דערביי זיך עטוואָס דערמאָנענדיג)

הייליג, הייליג, הייליג!

בדחן:

נישט איילינג, נישט אזוי איילינג...

(מאַנכע שטעלן זיך אָפּ; קוקן פאַרוואונדערט אויפן בדחן, גייען נעענטער צו. די וואָס טרעטן אַריין אין כשוף, ראָד פון אַלטן געזץ, פאַרלירן זייער וועג, דרייען זיך שוין אַרום אין מאַרק).

בדחן:

(צו יונגע לייט)

תורה־גלעקלעך
סוכה־פלעקלעך
תפלין־זעקלעך...

וואויל־לערנער:

(אַריין אין ראָד)

— אוים נדן, חלבשה, קעסט!...
— א מת לערנט לשמה!

בדחן:

און פאַרגעסט...

וואויל-לערנער:

יאָ!

עלטערע:

— מען זאָל נישט קענען טאָן קיין מצוה:
טיילן קצבה,
— כאַטש שופר בלאָזן הערן...
— ס׳נעמט אָן א געוויין...

בדחן:

האָסט טרערן?

אַן עלטערער מת:

ניין!

(אין ראָד אַריין)

צוויי אַלטע מתים:

ערשטער:

(קוקט אויף זיך קלערנדיג)

א זכר צי א נקבה!

צווייטער:

וואָס זאָגט די מצבה?

ערשטער:

צעפרעסן...

(איז אַריין מיט א פוס אין ראָד)

נאָר עפּעס ברענען מיר די זוילן ?
כ׳שטיי אויף ברענענדיגע קוילן...

(דערזעט, וואו זיין פוס שטעקט, רייסט זיך פון איט אָפּ, לאָזט
אים איבער און הינקט אָפּ אין שול אַריין, איבערלאָזנדיג דעם
צווייטן פאַרדוצט)

צווייטער:

(נאָך א ווײלע)

איינם מעכט איך וויסן !
דער וואָיעוואָדע —
פאַרוואָס האָט ער מיך געשמיסן ?
— אומשולדיג, כ׳קען איך שווערן...

דריטער:

(צוקומענדיג, לאַכנדיג)

פון וואָס א מת האָט צו קלערן ? !
געווען אזא מאָדע,
געווען א שלעכטער...
געשמיסן מיך, מיין ווייב, מיינע טעכטער...
אָנגעלאָפן ביילן, ברוינע־בלויע, רויטע...

פערטער:

(פאַרצווייפלט)

ווי לאַנג לעבן טויטע ? ווי לאַנג לעבן טויטע ?

פינפטער:

(צום בדחן, צוגעקומען)

איך געדענק...
אַט דאָ איז געוועזן מיין שענק...
אן אויג אין קאָפּ א טאָכטער געהאַט...
איינמאָל, געלעגן קראַנק,
ארויסגענארט,
אָפּגע'שמד'ט!

בדחן:

ווער?

פינפטער:

...דער גלח...

בדחן:

ווען?
...ת"ר... יום ב'... בשלח...

א מתה:

(גייט אַרום, בעטלט)

שענקט א ווינדעלע, א ווינדעלע...
פאר א טויט קינדעלע,
נישט אָפּגענומען,
און נישט אויסגעדריקט פון שוים...
סען עס, וואו מען דאַרף נישט קומען,
עס איז נאַקעט, עס איז בלויז...
א ווינדעלע, א ווינדעלע
פאר מיין אָרים קינדעלע...

עמפערטע אָרימע מתים:

— נאָך וויניג גע׳גזל׳טביים לעבן...
— קיין רעכטע תכריכים געגעבן!
— און די קברים פאַרשמעלט...
— ביים וואַשן האָט וואַסער פאַרפעלט!

מתות:

— מיר נישט געגעבן קיין שלייער!
— מיר נישט געגלייכט די קרעמען...
— האָט מען דאָס געטאָרט?

מתים:

— קומט נאָך דאָס אומגעהויער
און פרעגט נאָך, אויף נעמען...

די מתים און מתות:

(יאָגן זיך אַרום)

— רייסט דעם גבאי אויס די באָרד...
— שלאָגט אים אויס די פוילע ציין...

(לויפן צום געץ)

בדחן:

(צו אַן אָפּגעשטאַנענעם)

גייסט נישט מיט?

דער אָפּגעשטאַנענער:

ניין!

(זיך אָפּשטעלנדיג, באַרימעריש)

געלייגט אויף דער פּאָליצע די ציין...

שמחת תורה קוים געווען זאַט...
אָבער שטיל און פיין!
פאַר דאָס—אַ לויה געהאַט!
תשעה קבין, דער גבאי אַליין!
און אַ געלעכל פון אַן איי...
און אפשר צוויי!
מיט געפּעלעך די נעגל געריינינגט!...
און אַז מען האָט זיך אַ ביסל געפּייניגט,
פּי!

(אַן אָנגעלויף פון קינדער)

מיידלעך:

— פּי־פּי־פּי!
די מאַמע נישט הי!
— איידער די נאַכט וועט בלייבן,
לאָמיר זיך שפּילן אין צייכן!

(זוכן, געפינען)

אָט אַ שטיינדעלע, נאָך אַ שטיינדעלע...

אַן עלטערע:

קומט אַהער, אַלע! אַלע!
וועל'מיר שפּילן חתן־כּלה...

מיידלעך:

— ווער די כּלה?
— שיינדעלע.
— און דער חתן?
נתן, נתן! דער שיינער נתן!

נתן־שכור:

(זיך אָפּגעשטעלט)

מיינט מען מיך?
שיינדעלע... איך...

א מיידל:

זע׳מיר ביידע שפּאַצירן געגאַנגען
צווישן ווייץ און צווישן קאָרן, —
ד׳וועגן וואו מ׳זעמער שפּאַצירן געגאַנגען,
זיינען פאַרוואָקסן געוואָרן...

קליינע קינדער:

ציגעלע, מיגעלע, רייב די קליאַצקים,
רויטע פּאָמעראַנצן, —
אַז דער טאַטע שלאָגט דער מאַמען,
גיי׳ן די קינדערלעך טאַנצן...

בדחן:

טאַנצן? האָב איך דאָס געמיינט?

(צו די קלעזמער)

העי, חברים, פריינט!
קינדער ווילן טאַנצן גיין!
קינדער ווילן זאָל געשען!
פידל, פּייקל, צימבל, באַס,
ס׳איז א באַל אין מיטן גאַס!

(קלעזמער שטימען די אינסטרומענטן)

קינדער:

— עלע פעלע!

— פּעלע מעלע!
— באַמציג—באַמציג...
— באַם ציג־צאַג!

קלעזמער:

זע'מיר אַלע שכור בעלע,
ווער וועט פירן די קאַפּעלע,
עס זאָל גיין מיט'ן קנאַק?

געפּרווירענע:

לאָ'מען טאַנצן! כ'ווער געפּרווירן!

קלעזמער:

זאָל אונז עמיץ דיריגירן!

נתן־שכור:

איך בין סיי ווי סיי פאַרלוירן,
איך וועל פירן...

(לויפט צו צום געץ, רייסט אים אויס דעם איינציגן האָרן, דיריגירט מיט אים; קלעזמער הויבן אָן א פּאָלקע, עס הויבן זיך אָן בילדן דריי רעדער: קינדער, פרויען און שפּעטער עטוואָס א מענער־ראָד. דערווייל קומט אָן די כלה אונטער א שוואַרצער חופּה פון פיר שמשים מיט פאַרלאָשענע הבדלות געפירט. די רעדער שטעלן זיך ראַש אָפּ... אַלגעמיין געריש פון באַדויערן. קלעזמער גייען איבער פון דער פּאָלקע צו אַן אל־מלא־רחמים. די כלה שטעלט זיך אָפּ, די שמשים, דאָס נישט מערקנדיג, גייען מיט דער חופּה ווייטער)

די כלה:

נישט באַדויערט מיך,

ניסט באַטרויערט מיך,
כ'האָב'ם ניסט געוואָלט...
א אינגעלע געהאַט אין זינען,
א אינגעלע א גאָלד!
האָט מיך פון דער נויט
באַפרייט דער גוטער, ווייסער טויט...

(זיך אומקוקנדיג)

אָבער וואו איז מיין אינגעלע,
מיין אינגעלע, מיין גאָלד?
גוטע מענטשן, טרעפט איר אים —
זאָגט אים—כ'האָב'ם האָלט!
און דערקענען וועט איר אים—
א קול'עכל—א גלעקעלע,
צו קושן יעדעם לעקעלע,
צו קושן יעדעם ביינדעלע.
און איינגעלעך, ווי לעמעלעך,
ציטערדיגע פלעמעלעך,
יעדער בליק—א חנ'דעלע...
זאָגט אים, זאָגט, אז שיינדעלע...

נתן:

(וואַרפט אַוועק דעם האָרן, פאַלט צו איר צו)

כ'וויים, איך וויים!

די כלה:

אוי, דו ביזט אזוי אַלט
און אזוי היים!

נתן:

און דו—אזוי קאַלט...

ד י  כ ל ה :

דיך באגיסט א שוויס !

נ ת ן :

דיין אָטעם—פראָסט...

(דערזעט א לעכל אין איר בעקל, שרעק)

און אויפ'ן בעקל וואָס דו האָסט ?

ד י  כ ל ה :

פארגעסן ?
א ווערימל... איינגעפרעסן...
און דו ביזט אזוי רויט...

נ ת ן :

כ'טרינק... פאר עלנט... אויס נויט...

ד י  כ ל ה :

און ווערסט אזוי שווארץ...

נ ת ן :

(באהאלט אין איר ברוסט דאָס פנים)

דריק מיך, דריק מיך צו צום הארץ.

(פויזע)

א שטימע פון שול :

(ימים־נוראים ניגון)

יעמוד...

הבחור החתן —
כמר נתן —
מפטיר!

(נתן גליטשט אויס פון דער כלהיס הענט)

די כלה:

ווי מיר, ווי צו מיר!
גליטשט זיך ארויס פון די הענט!

(פרוש לויפט קלאָפּן ביים רופא)

מתים:

(אומרואיג)

וואָס איז דאָס?

בדחן:

נישט דערקענט?

מתים:

— א שרעקלעכע נאכט!
— א ווארע מאכט...

(עס געשעט)

די נישט־געזעגנטע נשמה:

(דורך דער וואָרע פּאַסירנויג)

„אלף" איז אַן אָדלער,
וואָס עס טוט נאָר שוועבן;
א שאָטן פון א פליגל
איז דאָס גאַנצע לעבן...

„בית״ איז א הויז,
וואו מען איז געזעסן...
אז מען רופט צום משפט — —

בדחן:

כאַ־כאַ־כאַ!

די נשמה:

מוז מען אַלץ פאַרגעסן!

מתים:

כאַ־כאַ־כאַ! . כאַ־כאַ־כאַ!

(א הילצערן געלעכטער צעקאָלערט זיך איבערן מאַרק)

## פערטער אַקט

(ערשטע פאָרהאַנג)

**לעקטאָר:**

איינס פון די שרעקלעכסטע זאכן:
מתים לאכן;
הילצערן געלאכט!
אַלע שטריק צעריסן,
די לעצטע בריק—געקראכט,
געפּלאצט און אין תהום אריין...
אינ׳ם הילצערנעם געוויין
קריצן ציין,
רייבט זיך ביין אָן ביין...

(ראַשע צווייטע פאָרהאַנג)

(לעקטאָר קוים אָפּ)

(די מתים—מיד־לאַכנדיג, הויבן אָן שלוקעכצן)

חזן:

(אַרויסקומענדיג פון שול)

יתגדל ויתקדש שמיה רבא!

(עס ווערט מיטאַמאָל שטיל)

ווייבער:

(טייטשן זיך איבער)

געהויכט און געקרוינט זאָל זיין זיין נאָמען...

זינדיגע:

(וואָס איז געווען אין א טויער באַהאַלטן, אַרויסשפרינגענדיג)

ער איז געקומען!
ער איז דאָ!

די מתים אין מאַרק:

(פייפן)

פיו־פיו־ו־ו־ו!

זינדיגע:

(צום חזנ'ס פיס צופאַלנדיג)

די נאַכט איז שוואַרץ,
עס פלאַטערט דאָס הארץ...
נעם און שפּאַן!
כ'האָב דיר אזוי פיל געטרויט!
עס שלאָפט דער מאַן,
עס שלאָפט דאָס קינד,
לויף און שפּאַן...
וואו איז די בויד?
וואו איז דאָס פערד?

חזן:

אונטער דער ערד!
לעשט דיך, קינד!
איך בין א מת!
פאַרגעס!
זאָל ער אויך פארגעסן!

(צעגייען זיך; ער—צו די מענער; זי—צוריק צום טויער)

בוגרת:

(אויפשפּרינגענדיג)

וואָס? נאָך ווייניג גענאַרט;
וואָס זאָל איך פארגעסן?
יאָרן אין חשך געזעסן!
עס האָט געהייסן „וואַרט!"
„עס וועט קומען דער באַשערטער!"
ליגנדע, נאַרישע ווערטער!

(צום הימל אַרויפשרייענדיג)

עס טוט מיר באנג! עס טוט מיר באנג!

(צוריק אין מאַרק אַריין, זיך קלאָגנדיג)

פאַר מיין טיר איז פראַנק און פריי!
מיט זאנג און קלאנג,
דאָס לעבן פאַרביי —
אין הארצינן שטורם...
און איך, אין ראָוו ביים וועג,
איך—דער וואָרים!—
ליג אין שטויב!
פארבן־בלינד, קלאנגען־טויב!
גרויע נעפל, ציען זיך טעג!
א וואָלקן־בליי, נאכט נאָך נאכט!
נישט געשטיפט, נישט געלאכט,
נישט געשמייכלט, נישט געשפילט;
קיין ווארימע האנט ארום האלז נישט געפילט!
קיינעם קיין גוט וואָרט נישט געזאָגט,
נישט אריינגעקוקט אין פרעמדע אויגן...
דאָס הארץ האָט גענאָגט,
דאָס הארץ האָט געצויגן,
כ׳ביים די נעגל, קריץ מיט די ציין:
ניין! און—ניין!
ערלעך גליק!
געקומען און—„כיק"!
ווער וועט מיר דאָס פארגעלטן?
איך וועל שרייען, איך וועל שעלטן,
דערלאנגט מיר א שטיין...

(האָקט אָפּ, דערזעענדיג די בראָדער זינגער, וואָס קומען אָן אין געפעכטע זעק)

שטימען:

(צעשראָקענע)

ווער זיינט איר? ווי אזוי געקליידט?
זאָגט אייער פּיין, קלאָגט אייער לייד!

(מוזיק גייט איבער צום מאָטיוו: אדם להבל דמה)

בראָדער זינגער:

מיר זע'מיר, מיר זע'מיר די זינגער פון בראָד!
געשטראָפט האָט אונז גאָט, געשטראָפט האָט אונז גאָט!
געוואָנדערט אין היצן, געוואָנדערט אין פרעסט,—
צו אייך דאָ געקומען, באַקומען די פעסט!
נושאים געקומען, קיין רגע געוואַרט,
מיט זעק אויסגעפּעכטע די לייבער באַקליידט;
מיט אייזערנע גאָפּלען, לעבעדיגערהייט,
אַרויף צום בית־עלמין, צום קבר געשאַרט!
ווייל'מיר צינד וויסן, פרעגן מיר גאָט,
פאַרוואָס האָט ער געשטראָפט די זינגער פון בראָד?!

נאָך מער צעשראָקענע שטימען:

נישט פרעגן! נישט פרעגן!
נישט נעגאַנגען אויף קרומע וועגן!
בעסער טאַנצן.

(ליידנשאַפטלעך)

—טאַנצן, טאַנצן!
— פּלאַמט כאַטש אויף אינגאַנצן!
— זאָלן טויטע אויגן שפּריצן
פונקען—פייערדיגע בליצן!
שיינען און גלאַנצן!

— טאַנצן! טאַנצן! טאַנצן!
— זאָלן די הערצער צאַפּלען צום פּלאַצן!
— זאָל קלאַפּן די שלייפן, ווי טאַצן!
— שפּילט!
— שוועבט!

בדחן:

לעבט, וואָס איר האָט נישט דערלעבט!
פּילט, וואָס איר האָט נישט דערפּילט!

(עס גייט קוים; מוזיק גרימפּלט. עס מאַכן זיך דאָך צוויי רעדער, רעכטס און לינקס; א מענער און א פרויען ראָד, וואָס באַוועגן זיך איינגעשפּאַרט,—צווישן די רעדער שפּאַצירן אויף און אָפּ די פאָלגנדע חוקרים)

ערשטער חוקר:

טויט און לעבן,
אַלץ—אומזיסט!

צווייטער חוקר:

א נאַר דו ביזט!
מען מוז זיך איינמאָל אונטערגעבן...

ערשטער חוקר:

מ'זאָל אזוי פאַרפירן...

צווייטער חוקר:

לאָז דאָס געהירן
פוילן אין דער שטיל!

ערשטער חוקר:

איך וויל...

(צוריק אויפגערייצט)

אָבער וואָס קענען מיר? צייכן!
גאָרנישט צו דערגרייכן!
אָט וואָס מיר ווייסן!
ווי מאַנכע זאַכן הייסן! —

דריטער חוקר:

(צוקומענדיג)

נישט אַזוי!
פּאַראַן אַ ווייטאָג אָן אַ נאָמען...

צווייטער חוקר:

(אַריינגעצויגן)

צו באַצייכענען נענוי:
פון אַ צווייטער ערשט אַ זאָמען!

ערשטער חוקר:

(מיט ווייטאָג)

געווען דאָך ליכטיגע ציקצאַקן!

מקובל:

(צוקומענדיג)

געווען נוטריקין און לפ"ס'ן...
געווען אַמאָל...

פערטער חוקר:

הערט, ווי טויטע ביינער קנאַקן,
הערט, ווי טויטע קלעזמער שפּילן...
מאַנכע אומפאַרשעמט און גאָל!

ערשטער חוקר:

אָ! זיי ווען זיך נישט פאַרקילן!

מקובל:

און דער עצם ענין אַליין?

חסיד:

(אין פאַרבייגאַנג, מיט האַרציגן ניגון)

די מאַמע האָט געהייסן
עפּעלעך רייסן...
ס'אידעלע צו קליין!
ס'בוימעלע—צו הויך!
ער האָט נישט קיין כח,
קען נישט דערגרייכן!

ערשטער חוקר:

טומלען זיך אין מח
נאָר צייכן און צייכן...

צווייטער חוקר:

קהלת זאָגט: נאַריש אינגאַנצן...

חסידים:

(אָנגעקומענע)

נישט גערעדט: בעסער טאַנצן!

(לייגן אין פירן הענט אויף אַקסל — א חסידישע מיל — זיך צעזינגענדיג. די טאַנצנדיגע רעדער פון רעכטס און לינקס מישן זיך אין געזאַנג אַריין)

ערשטער חסיד:

טאַנצן איז א גרויסע זאַך!
כ׳וויל נישט טראַכטן, גאָרנישט וויסן!
נאָר פון חומר אָפּגעריסן!

די מיל:

(מיט די הענט פּאַטשנדיג)

ברום, ברום!

מענער־און־פרויען־ראָד:

(מיט די פיס טופּענדיג)

טראַך, טראַך!

צווייטער חסיד:

טאַנצן איז א גרויסע זאַך,
טאַנצן האָט די גרויסע מעלות:
כ׳האָב קיין קשיות, כ׳פרעג קיין שאלות...
און צעפלאַקער אין התפעלות!

מיל און רעדער:

(ווי פריער)

ברום, ברום! טראַך! טראַך!

דריטער חסיד:

טאַנצן איז א גרויסע זאַך!

בהעלותך—פּיס געהויבן!
אין בטחון, אינ׳ם גלויבן
אינ׳ם גרויסן התלהבות
ווערן מצוות פון די תאוות...

מיל און רעדער:

ברום, ברום! טראַך, טראַך!

פּערטער חסיד:

טאַנצן איז אַ גרויסע זאַך!
אָן אַ ספק! אָן אַ שאלה!
וואָס איז „מטה"? וואָס איז „מעלה"?
און „ימין" וואָס איז? און—שמאל?
אז עס ווינדלט,
אז עס שווינדלט
טאַנצט זיך גוט, טאַנצט זיך וואויל...

חוקרים:

(טשעפּען זיך אָן אָן דער מיל)

— וואָס איז רעכטס? וואָס איז לינקס?
לעבן—ספינקס! טויט איז ספינקס!
— און דו—טאַנץ! קענסטו—לאַך.

מיל און רעדער:

ברום, ברום! טראַך, טראַך!

משכילים:

(צוקומענדיג)

כ׳לעבן גאָר אַ גלייכע זאַך!

אנו, פרואוו נאָר, ראשער, ראשער
און דאָס חזיר־פיסל קאשער!
פיס געהויבן און געשטעלט!
און אריין אין הפקר־וועלט!

(די מיל רייסט זיך פון זיי אָפּ, טאַנצט אָפּ ווייטער; משכילים
בלייבן, אָפּהענדיג אַליין; צעשטרייען זיך באַלד)

בדחן:

(אויף מיל און רעדער פאַרקוקט)

זיי טאַנצן, ווירקלעך זיי טאַנצן!
זיי פילן!
אויף טויטע געזיכטער שפילן
שיר נישט לעבעדיגע גלאַנצן!
אין טויטע אויגן: ווילן, באַגערן!
הענט זיך שטרעקן, פיס זיך קערן,
שפּרינגען אונטער!
מונטער,
אויפגעטויטע גלידער!

(פאַרבענקט)

ווען נאָך קלינגענדיגע לידער!
ווען נאָך רויזן־קראַנצן
אויף די קעפּ! און צעגאָסן
רויזן־אייל!
און דאמען־האָר—צעפלאָסן!
עס בליצט, שימערירט
יעדער בליק—א פייל!
עס אָטעמט מאַרמאָר, דעקאָלטירט,
ווי ביי פּריצים אויף די באַלן!

(מתים באַווייזן זיך אין די שול־פענצטער... בדחן סוגעסטינירט די טענצערינס)

א טענצערין:

(פלוצלונג געוועקט)

מאַכט פון סוב'עם שאַלן!
מיט שאַלן טאַנצט און גאָר!

א מת פון שול־פענצטער אַרוים:

(אָנשרייענדיג)

מען טאָר נישט!

די טענצערין:

ס'אי' גאָרניש' מיט גאָרניש'!

טענצערינס:

(טאַנצנדיג, גלייך מיט שאַלן, אויסגעלאַסן־לאַכנדיג)

ע, מע'טאָר! מע'טאָר!

צווייטע טענצערין:

(איבערמיטיג)

רייסט אַראָפּ די קאָפּקים!
לאָזט אַרוים די האָר!

(צו דער שול קוקנדיג)

מאַלע וואָס מ'טאָר נישט.

דאָס ווייבער־ראָד:

— ע, מע'טאָר, מע'טאָר!
— ס'איז גאָר ניש' מיט גאָר ניש'!

דריטע טענצערין:

רופט נאָך צו די מענער!
עס ווילט זיך אייך, נישט וואָר?
מאַלע וואָס מע'טאָר נישט'!

ביידע רעדער:

(פאַראייניגט זיך)

ס'אי' גאָרניש' מיט גאָרניש'!...
מע'טאָר, מע'טאָר!

(עס הויבט אָן צו גיין ראַשער. מאַנכע מתים, קענטיג, גע־וועזענע קלעזמער, שטעלן זיך אונטער דער מוזיק, העלפן צו מיט הענט און ליפּן און טרייבן אונטער. עס האַלטן זיך אויך נישט איין די בראָדער זינגער. העלפן כאָראַל־מעסיג אונטער)

שטיינבילדער:

(צערודערט, פאַרגליסטיגט)

— שיינע ווייבלעך. שיינע מיידלעך.
שוואַרץ און חנ'עווודיג פּיקאַנט...
— ווייסע שערצן, ווייסע קליידלעך...
לייב צו לייב... אַרומגענומען...

בדחן:

(וואָס האָט, דערהערט צו די שטיינבילדער אַרויף)

אַראָפּ און לאָז אייך וואויל באַקומען!
ברודערשאַפט אין פרייד און נויט.
אַלע גלייך, דען אַלע טויט!

און קיינער זעט, ס'איז אונזער נאַכט!

(אַז די שטיינבילדער פּאַלגן, קריכן אַראָפּ, צום ראָד)

א וואַרע מאַכט!
צעשפּרייט דאָס ראָד!
די באַלעבאַטים פון דער שטאָט!
יעדער אונטערשייד—פאַרווישט!
מישט אייך, מישט!
האַלזט אייך און קישט.
כאַ־כאַ־כאַ!
א נאַכט אַזאַ!

**ביש אָף:**

ווייַ, ווייַ! אין שיין פון אַלטן גע‏ץ
זינגט דער לץ...
און קורץ איז מיין האַנט...
ווייַ, ווייַ צו דער שאַנד...

(פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים, קערט זיך אָפּ, דער טאַנץ ווערט נאָך האַסטיגער. „ער" און „זי", קומענדיג פון שול־געסל צוריק, כאַפּן זיך אַרום)

**זי:**

היינט איז אונזער חתונה,
קלעזמער שפּילן שוין!

**ער:**

און די שיינע געסט אַרום.—
לאָמיר טאַנצן, קרוין!

**זי:**

מיט די חופּה־שטענגעלעך.

קומט דער שמש באַלד...
עס דרייט זיך מיר דער קאָפּ פאַר פרייד, —
האַלט מיך פעסטער, האַלט!

ע ר:

האַרץ אָן האַרץ, אויג אין אויג,
דריק זיך צו אײַנגאַנצן...

ב י י ד ע:

האַרץ אָן האַרץ, אויג אין אויג...

א ר י ט ע ר:
(קומט אונטער, שלאָגט זי אָפּ)

איך קען בעסער טאַנצן...

(טאַנצט מיט איר אַוועק)

א מ ת ה:
(צום „ער", וואָס בלייבט פאַרמישט)

בחור, בחור, טאַנץ מיר אנטקעגן.
איך הייס דאָך מלכה, זײַ דו מײַן מלך!

(אַרום אים טאַנצנדיג)

נאַריש בחור, וואָס איז דיר געלעגן?

(כאַפּט און טאַנצט אַרײַן)

לעבעדיג... פריילעך...

געפרוירענע:
(לויפט צו צום זיך אַרומבלאָנקנדיגן פרוש)

פרוש־לעב, פרוש־לעב!

איינמאָל גיב איך מיר א שוועב!
קאַלטע הענט, פייכטע הענט,
און אין הארץ—גיהנום ברענט.
אין געהירן—ציישן שלאַנגען...
אַי, איך האָב דיין בליק געפאַנגען!
דו וואָלסט ווארים מיך געמאַכט...

(דער מאָרגנשטערן שיינט פלוצלונג אויף)

(געפרוירענע לאָזט אָפּ דעם פרוש. מוזיק פאַרשטומט, טענ
צער — צעפאַלן זיך)

אַנגסט־שטימען:

— ווייַ, דער מאָרגנשטערן לאַכט!
— אוים נאַכט, אוים נאַכט!

שול־מתים:

כ'האָב געזאָגט!

אַנגסט־שטימען:

ווייַ, עס טאָגט!

בדחן:

(פלוצלונג, שטאַרקער באַפעל)

געטאַנצט זאָל ווערן, געטאַנצט!

(מען וויל פאָלגן, גערודער)

ווער האָט אין אייך די שרעק פאַרפלאַנצט?!
וואָס ציטערט איר פאַר מאָרגן־גרוי?
וואַשט די קעפּ אין פרישן טוי,
באָדט אייך אין פרימאָרגן־גלאַנץ!

און טאַנצט אַריין דעם גרויסן טאַנץ
אין גרויסן טאָג!

א שול־מת:

מען מאָג?!

בדחן:

אז מע קען און וויל!
קיין פראגן נישט שטעלן!
קיין פאָרען נישט טרענען!

מאַרק־מתים:

וועל׳מיר דען קענען?
קע׳מיר דען וועלן?

בדחן:

(צאָרנדיג)

ווייניג נאָך אין קברים געליטן?
נישט פארבענקט זיך נאָך צום לעבן?
זאָל ער אייערע קברים פארשיטן,
נייע נשמות אייך געבן,—
אניט, זאָל ווערן געשטריטן!
אניט זאָל ווערן געטריצט!
ווילט איר—און אייער אויג נאָך בליצט!

(העצנדיג)

ווילט נאָר, האָט איר בלוט ווי שטאָל!
ניט אַלע ביינער זיינען גאָל!
לעבן נעמט מען מיט געוואלט!
פון קראפט

באַלויבט אייכן און צעדער אין וואַלד,
זויגט און זאַמלט צוזאַמען
פון אַלע גראָזן דעם זאַפט...
נעמט ביי דער זון די פלאַמען!
ביי ליליען—וויס, ביי רויזן—רויט!

**מתים:**

(פאַרצווייפלט)

מיר זיינען דאָך טויט!

**בדחן:**

פון א נאַרישן גלויבן פאַרפירט!
אין וואָס מען גלויבט, עקזיסטירט!
וואָס פאַרניינט, איז רויך און ווינט!
פאַרלייקנט דעם טויט, אָן לעבן גלויבט
פעסט! און—בלייבט!
עס טאָר אייך קיינער נישט שטערן!

**מאַרק־מתים:**

מיר בלייבן!

**בדחן:**

שווערט!

**מאַרק־מתים:**

מיר שווערן!

**בדחן:**

פאַרלייקנט דעם טויט?

מאַרק־מתים:

מיט דער גאַנצער קראַפט,
וואָס אונז איז געבליבן!

בדחן:

איז ער פאַרטריבן,
איז ער אָפּגעשאַפט...
איז פון היינט קיין טויט נישטאָ!

אלע:

נישטאָ!

בלעכענער האָן:

(פון שול־דאַך אַראָפּ)

קוקעריקו!

מאַרק־מתים:

(צעלויפן זיך אין אַנגסטן)

— איך ווער טויב!
— איך ווער בלינד!

בדחן:

(צום האָן אַרויף)

דו טרוקענער שפּאָן!

(דער האָן צעאַרבעט זיך מיט די פליגל)

מאַרק־מתים:

(אויפזיפצט)

— ער מאַכט מיט די פליגל ווינט...

בדחן:

א בלעכענער האָן!

מאַרק־מתים:

און ער יאָגט,
און ער טראָגט,
און ער טרייבט...

(שול־מתים קומען געלאָפן אַרויס פון שול, נעמען זייער וועג צום בית־עלמין צוריק. מאַרק־מתים ווילן נאָכגיין)

בדחן:

(מיט די לעצטע כחות)

בלייבט!
שוואַכע, צו די ווענט!
געכאַפּט זיך ביי די הענט...

(אַז מאַנכע פאַלגן, צום האָן אַרויף)

וואַרט, דו בלעכן־פאַרשייטער!
פאַראַן אין פּאָליש א לייטער,
האָסט אָנגעהויבן מיט מיר!
איך גיי צו דיר! איך נעם זיך צו דיר!
דאָס איז די שלאַכט
פון היינט אויפדערנאַכט!
כ׳יאָג פון דיר דיין נפש אַרויס!
די פליגל צופּ איך דיר אויס!
דעם האַלז דריי איך דיר אָפּ,
און וואַרף אַראָפּ
פון דער הויך אויפ׳ן מיסט!
דו בלאָזט דיך אומזיסט!

(אין מאַרק אַריין)

ווער האַלט באַשטאַנד?

(קיין ענטפער)

העי, וואו זייט איר,
ליכט־פאַרשפּרייטער,
אין משיח׳ס טויערן־קלאַפּער
צוקונפטס־פליגן־כאַפּער
שלעגער קאָפּ־אָן־וואַנט!

(קיין ענטפער)

און איר, דאַך־באַשלעגער, בלעכער,
איר, וואָס שטייגט הויך און העכער,
מיט מיר אַרויף אויפ׳ן דאַך!

(מאַנכע ווילן נאָך)

בלינדע אַרבעטערין:

(אָפּשטעלנדיג)

קיין קלאַסן־קאַמף, נישט אייער זאַך!

בדחן:

ניין?

(קיין ענטפער)

נו, גיי איך אַליין, בעסער—אַליין!

(מתים בלייבן צעטומלט, פּרוש גייט צו צו דער שול, שטעלט זיך אָפּוואַרטן דעם בדחן)

(פאָרהאַנג)

# עפּילאָג

(ערשטע פֿאַרהאַנג)

## לעקטאָר:

(קומט אַרויס, וויל רעדן, דערהערט שטימען פֿון הינטער דער גאַזן־פֿאָרהאַנג, גייט נעענטער צו, קוקט אַריין דורך אן „אויגל")

עס ווײַנען, עס קלאָגן
מתים, פֿון ווינט געטראָגן;
מען האָט זיי קיין לעבן קיין נײַם נישט באַשערט...
הערט...

(עס דערהערן זיך די שטימען פֿון הינטער דער פֿאָרהאַנג,
וואָס רוקן זיך אַלץ ווײַטער און ווײַטער אָפּ)

## ערשטע:

עס איז ווער ערגעץ אָפּגעגאַנגען,—
און זיין ציטער־בילד געפֿאַנגען
האַלט א וואַסער־שפּיגל, —
קומט די קאַן און שעפּט! — — —

## צווייטע:

און דער ווײַן איז אויסגעגאַנגען,—
אין א ריס פֿון ערדן־קריגל
האָט א טראָפּן זיך באַהאַלטן,—
ווערט ער אויסגעוועפּט...

דריטע:

לאנג פארהילעכטע געזאנגען,—
פון געזאנג
האט זיך לענגער אויפגעהאלטן
א יתום־קלאנג,
טהויט ער אויף און ברומט,
און פארשטומט...

פערטע:

א זון איז אונטערגעגאנגען,
פון אפגלאנץ רויטלט זיך לייכט
א נעפל־זוים...
און—פארבלייכט.

(אלע פיר שטימען)

געווען חלומות אלערליי...
געווען א זינד...
טראגט דער ווינט
ווי שטרוי, ווי שפריי...

לעקטאר:

טרויעריג...

(הערט ווייטער)

שויעריג...

טארק־מתים־שטימען:

מיראזשן נאכגעלאפן...
האט אונז זיין שווערע האנט געטראפן
זע׳מיר זיך שולדיג אליין...

לעקטאָר:

שוין ביים טויער, גייען אריין...

מתות־שטימען:

(יאָמערלעך געוויין)

מיט די בלויזע קעפּ,
צעפּלאָסענע צעפּ —
אין קברים אריין...

שול־מתים־כאָר:

די נאכט הויבט אָן בלייכן!
אויף דיין צייכן
ווארטן דיינע קנעכט,
די נאכט, ווי אַלע נעכט...
טו, ווי דיר געפעלט!

לעקטאָר:

ביי די קברים—אָפּגעשטעלט!

שול־מתים־כאָר:

און ווען אונז די ערד פארדעקן,
זאָל געשען דיין ווילן!
מיר וועלן ווארטן אין שטילן,
ביז ד ו וועסט וועקן!
זאָל דיין ווילן געשען!

לעקטאָר:

קינדער גייען...

(ווענדט זיך אָפּ)

נישט צוצוזען...

מיידלעך־כאָר:

אַדיע, איר זיסע קעפּעלעך,
זיסע בלויע אויגעלעך
זייט געזונט איר בלימעלעך!

אינגלעך:

און באַרעלעך, און עפּעלעך
אויף די גרינע צווייגעלעך...

צוזאַמען:

אונטער בלויע הימעלעך,
זייט געזונט איר פייגעלעך!

שול־מתים־כאָר:

און אָפּמעקן
זאָלסטו אונזערע זינד,
ווי דו מעקסט געשווינד
א וואָלקן אָפּ...

(צווייטע פּאָרהאַנג. עס אנטפּלעקט זיך דאָס בית־עלמין. מתים —ביי אָפענע קברים, גרייז צוריק אויפן בערגל אין מיט פעלד)

מתים:

מיר זאָגן זיך אָפּ, פון אַלעם אָפּ!

גרייז:

אַראָפּ!

(מתים הויבן אָן נידערן; דאָס בית־עלמין פאַרהילט זיך
צוריק אין נעפּל)

**נאַכט־וועכטער:**

(וועקט זיך, זוכט אומרואיג אַרום האַלדז)

צום טייפל!
וואו איז מיין פייפל? וואו איז מיין פייפל?

(בדחן קומט אַרויס פון שול, דער קאָפּ אַרומגעבונדן, אויפן
טוך רויטע בלוט־פלעק, האַלט אין האַנט דעם שול־קלאַפּער,
וואַרפט מיט דער צווייטער צו דעם נאַכט־וועכטער דאָס פייפל;
נאַכט־וועכטער ציט זיך מיט'ן פייפל אונטערוויילעכטס צו־
ריק, אָפּ)

**בדחן:**

(צום פרוש, מיט חרטה)

איבערגעכאַפּט די מאָס!
געפאַלן מיט'ן קאָפּ אראָפּ!

(דערזעט די קלעזמער, מיט שרעק)

אראָפּ! צום שליים און גראָז!
איך זאָג מיך אָפּ, פון אַלעם אָפּ!

(אַז קלעזמער פאַרשווינדן, צום געץ)

לעש דיך, ווילדע זאַך!

(אָנווייזנדיג צום הימל)

זעסט נישט? ער איז וואַך!
ס'אויג דריק צו, ס'מויל פאַרמאַך!

(אַז עס געשעעט, צו די שטיינבילדער, וואָס דרייען זיך אַרום
(אומגעלומפּערט אין גאַס)

צוריק צו די נישן!
מער זיך דאָ נישט מישן!
ארויף! פארשטיינערט ווערט!
גאָרנישט געזען, גאָרנישט געהערט!
געווען א נאכט, ווי אלע נעכט!

(אַז עס געשעעט, פאַרבויגט זיך פאַרין האָן)

דו ביזט גערעכט...
דיין משפּט איז גערעכט!
דו, אויף דיין הויכן אָרט,
ביזט דאָס וואָרט,
דער סימבאָל
און—די פּאראָל!
געזינדיגט שווער,
כ'וועל נישט מער...
איך וועל פאר דיר דאָס לעבן שטרעקן!
א י ך וועל קלאפּן, א י ך וועל וועקן!
פּארציי!

(גייט צו א טויער; ציילט, קלאַפּנדיג)

איינס... צוויי...

(כאַפּט זיך)

נישט מער!
עס איז ביינאכט געשטאָרבן ווער...

(גייט ווייטער, קלאַפּט)

„זי".

(וואָס האָט זיך אַרויסגעבלאָנקעט)

און איך? וואָס וועט זיין מיט מיר?

(אַז קיינער ענטפערט נישט—אָפּ. צום קלויסטער־געסל)

**לעקטאָר:**

גענוואוסט פריער...

(פּרוש און וואַנדערער גייען זיך צופעליג אַנטקעגן)

**פּרוש:**

נאַריש, נאַריש אַלץ און אייטל,
נאַריש אַלץ פּוט אַנאַנד...

**וואַנדערער:**

אין מזרח־ראַנד
שאַפט א פאַרבאָרגענע האַנט...

**פּרוש:**

א רינגל נאָך א רינגל ציט זיך א קייטל...

**וואַנדערער:**

ליכטיגע שטראַלן בינדט זי
ראָזיגע נעפּעלעך שפינט זי...
א נייער טאָג ווערט אויסגעוועבט!

**פּרוש:**

עס ווערט נאַכט און עס טאָגט...
און נאַריש איז, אויב עמיץ זאָגט,
ער האָט א נייעם דערלעבט!

**וואַנדערער:**

און אין הארצן־ראַנד

שאַפט אַ פאַרבאָרגענע האַנט...
עס וועקט זיך אַ נייער קלאַנג.
עס שפינט זיך אַ נייער פאַרלאַנג...
וועב דיך, בענקשאַפט, וועב.

פרוש:

נאַריש אַלץ מיט אַנאַנדער!

(צום וואַנדערער, מיט אים באַגעגנט)

ווי לאַנג דו קענסט, לעב!
ווי לאַנג דו ווילסט, וואַנדער!
וועסט קיין מאָל נישט זען:
זיין וועט דאָס, וואָס ס'איז געווען.

וואַנדערער:

(צעשראָקן)

עפּעס אין האַרץ דאָך בליט!
עפּעס טרייבט דאָך און עפּעס ציט
אָן אַ האַלט!
וואו איז צוועק, וואו איז ציל?

לעקטאָר:

(שטרענג)

דאָס געהער נישט צום שפּיל.

רעזשיסער:

(באַווייזט זיך, וואָרענענדיג)

די פאָרהאַנג פאַלט!...

(וואַנדערער און פרוש טרעטן ראַש אָפּ טיפער; די פאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ)

וואַנדערער:

(כאַפּט אָן דעם פרוש)

דו ווייסט נישט?

פרוש:

ניין!

(פאָרהאַנג אינגאַנצן אַראָפּ)

בדחן:

(הינטער דער פאָרהאַנג)

אין שול אַריין!...
אין שול...

(זי פאַבריק הויבט אָן פייפן און פאַרטויבט אַלץ און אַלע)

(פאָרהאַנג)

---